# נאוואָגראַד-וואָלינסק
# (זוועהיל) אין
# פלאַמען

— פון —

הרב ברוך קאָרף

ארויסגעגעבען פון
„נאוואָגראד-וואָלינסק קאָמיטא״
ניו יאָרק

דעם ליכטיגען אנדיינק פון מיין מוטער

## הרבנית גיטעל ז"ל, געווידמעט.

נהרגה על קדושת השם יום ד', ב' דר"ח אלול,

שנת נפלה „עטרת" תפארת בית זוועהיל.

**שטוינענדע פֿאַקטען, זכרונות, פּאָגראָמען און עפּיזאָדען**

**פֿון אידישען חורבן אין נאוואָגראַד־וואָלינסק (זוועהיל)**

**1918-20**

# איינלייטונג

אוקראינא איז היינט צוטאָג די גרעסטע און פרוכטבאַרסטע טעריטאָריע אונטער׳ן סאָוועטען רעזשים, פאַרנעמט 451,767 קילאמעטער און ליגט אין מזרח זייט פון אייראָפּאַ. די אידישע באפעלקערונג אין דעם ארץ זבת חלב ודבש האט זיך נאָך אין זעכצעהנטען יאָהר הונדערט גענומען מעהרען און שטייגען אין צאָהל. די בעסטע בעווייזע און שטארקסטע עדות צו באשטעטיגען דעם אידישען וואוקס אין אוקראינא זיינען די „פּאוולוק" פּאָגראָמען פון יאָהר 1638, כעמעלניצקי פּאָגראָמען אין 1648-51. און נאָכדעם ווען רוסלאַנד האָט איינגעשלונגען אוקראינא, האט די דאָרטיגע אידישע באפעלקערונג געטהיילט דעם ביטערען גורל מיט איהרע ברידער פון רוסלאנד — אונטערדריקונגען און פארפאלגונגען. די פּאָגראמען פון 1881-83, זיינען מעהרסטענ׳ס פארגעקומען אין אוקראינע — דער רעזולטאט פון פארביסענע שנאה מצד די אוקראינער — באשולדיגנענדיג די אידען אין זייער פארלוירענעם קאמף מיט׳ן רוס. פיעל האבען אונזערע ברידער געהאט אויסצושטעהן אין די צייטען פון ערשטען און צווייטען ניקאָלאַי, ווי אויך אין די טעג פון אלעקסאנדער דעם דריטען, עס האָט ממש גערעגענט מיט גרויזאמע גזרות אויף דעם נע ונד פאָלק.

די זעלבע בלוטיגע כוואליעס האבען זיך אויפגעהויבען אין צוואנציגסטען יאָהר הונדערט ווען רוסלאנד איז

פארוואנדעלט געווארען אין א וויסטען קעסעל גרוב, אין א שטענדיגען כאאָס און מיש־מאַש פון רעוואלוציעס. אָט אזוי האבען זיך געצויגען די יאָהרען באגלייט פון בארבארישע פאגראמען, — ביז דער אלמעכטיגער האָט איבערגעגעבען זיין אויסדערוועהלט פאָלק צו די סאוויע־טישע קאניבאלען. צווישען די חרוב געווארענע שטעט פון אוקראינא פארנעמט נאוואגראד־וואָלינסק דעם אויבענאָן. נאָוואָגראד־וואָלינסק איז אָהן צווייפעל געווען דער צענטער פון די פאָגראָמען אפידעמיע. נאָר פריהער א פאָר ווערטער וועגען דער שטאָט — ווען זי איז נאָך אין איהר גאנצקייט מיט איהר אידישע באפעלקערונג; נאוואגראד־וואלינסק האָט — חוץ דעם שוין אזוי אויך לאנגען נאָמען — נאָך א נאָמען וואָס קלינגט מעהר אידישליך — נעמליך — „זוועהיל". אָט די אידישע „זוועהיל" און גויישע „נאוואגראד־וואלינסק" איז ניט אנדערש נאָר א טהייל פון צאר ני־קאלאי'ם פריוואטע אייגענטהום — דאָס איז אבער געווען אמאָהל — ווען דער צאר האָט געטראגען א קאפ אויף זיינע אקסלען און אויפ'ן קאָפ א קרוין . . .

מ'קען מיט שטאָלץ צוגעבען אז אין „זוועהיל" האָט ניט עקזיסטירט די פראגע וואָס באשעפטיגט אָלע אידען אין די עמאַנציפירטע שטעט, שטאַאטען, און לענדער, „די זארגען פון דער מינדערהייט — זי זאָל ניט פארלירען איהר אייגענעם פארם און ארט לעבען — צווישען פרעמדע פעלקער". ווארום נאוואגראד־וואלינסק האָט אין איהר גלאנץ פעריאדע פארמאָגט קנאַפע צוואנציג טויזענד אי־

דישע איינוואוינער — אין פערגלייך מיט דער אלגעמיי-
נער באפעלקערונג וואס האט זיך געצעהלט עפעס מעהר
ווי פופצעהן טויזענד. צו דעם זיינען נאך די אידען פון
נאוואגראד-וואלינסק — אפילו אין די יאהרען 1917-18 —
קולטורעל געשטאנען זעהר הויך. דער פשוט'סטער בעל
הבית האט געשטרעבט צו מאכען זיינע זיהן פאר לומדים,
רבנים ... „וואס דען הייסט אידישער נחת?". די טהייל
יונגווארג וואס האט זיך ניט געקלעפט צו די בתי מדרשות
און ישיבות האט אבער אפגע'ירש'נט פון זיינע עלטערן
די אידישע סענטימענטען און רעליגיעז-נאציאנאלע גע-
פיהלען וואס האט זיך אויסגעדריקט אין די פארשידענע
ארגאניזאציעס און קערפערשאפטען — געגרינדעט דורך
אינטיליגענטער פיהרערשאפט.

זוועהיל האט געשיינט און איז געווען באריהמט מיט
איהרע חסידישע צדיקים, רבנים, גבירים און משכילים
אזעלכע ווי דער בלאנדזשענדער מ. ז. פייערבערג ע"ה,
א. א.. די גרויסע ישיבה — וואס איז געשטאנען אונטער
דער השגחה און הנהלה פון דעם אלטען געניאלען פאל-
טאווער עלוי זצ"ל — האט אויך געהאט א חלק אין איהר
באריהמטקייט און איז געווען פאראנטווארטליך פאר דער
הויכער לומדישער שטופע פון דער קהלה.

אויך אויפ'ן געביט פון האנדעל זיינען די אידען ניט
געווען הינטערשטעליג. אין אידישע הענט איז פאקטיש
געלעגען דער גרעסטער טהייל פון דער עקאנאמישער
זיכערקייט, זיי האבען קאנטראלירט כמעט אלע געשעפ-

טען פון שטאט — אזוי ארוהם זיינען זיי געווארען מעכטיג און פארזיכערט דעם עקזיסטענץ פון א גרויסער אידישער געמיינדע!

איך האָב אמאָהל געלעזען אין די שריפטען פון א קריטיקער א ציטאטע פון דעם בוך "די זיבען זיילען פון חכמה" וועמעס מחבר „לארענס פון אראביע" זאָל זיך האָבען אויסגעדריקט, „כ'וויים אז איך קאָן אויפשרייבען א גוטען זאץ. איך רעכען, אז איך קען אָנשרייבען ניט קיין שלעכטען פאראגראף, איך גלויב, אז איך קאָן גוט אָנ־שרייבען א גאנץ קאפיטעל. אָבער וויפיל איך האָב זיך נישט געפלייסט אָנצושרייבען וואָס איך רוף אָן א בוך — איז עס מיר נישט געלונגען"...

איך וויל דארום אָנמערקען אז דער קליינער דורכ־אוים אָריגינעלער בוך „נאוואגראד־וואלינסק אין פלאמען" איז נאָר צו דינען די אינטערעסען פון געשיכטליכע פאק־טען פאר די קומענדע דורות. ווייטער, קום איך דאָ ניט פרובירען מיין שריפטשטעלערישען טאלאנט. דער שריי־בער פון די ציילען איז געניויגט צו גלויבען אז פון ליטע־ראַרישען שטאַנדפונקט איז מעגליך אָן עבירה דאָס פאפיר... דערפאַר אָבער איז דער אינהאַלט אינטערעסאַנטע לעהזע שטאף אָנגעפיקעוועט מיט אידישע העלדען און העלדענטאטען און וועט האפענטליך דינען זיין צוועק!

שוין זיבעצעהן יאָהר זייט יענע ביטערע טעג, פילע וויכטיגע געשעהענישען זיינען שוין דורך דער צייט גע־בליבען אָפגעשלאָסען אין קאמער פון פארגעסענהייט. א

חוץ די נאקעטע אָפּגעריבענע מצבות וואָס זאגען עדות און פערדאמען אמשטארקסטען די מעשים תעתועים פון די ווילדע אנטיסעמיטישע רעגירונגען און רוצחים באנ־דעס, האָט נאָך קיין פעדער ניט פארצייכענט דעם חורבן „נאוואגראד-וואלינסק", א קהלה פון צוואנציג טויזענד אידישע נפשות. די טראגעדיע איז פארבליבען א סוד צווי־שען די קאַלטע שטיינער צוקאָפּען׳ס פון די קדושים...

אני הגבר ראה עני בשבט עברתו... איך האָב גע־זעהן די פיין... געפיהלט די רוט פון זיין גרימצאָרן... אויך מיין מוטער איז צו ניין און צוואנציג יאָהר געפאלען א קרבן פון די מחבלים. א טהייל פון די בארבארישע שחיטות האָב איך אליין בייגעוואוינט, מעהרערע פאקטען האָב איך געפונען אין פינף פארגעלטע זייטליך פאפיר — וואָס זיינען פארבליבען פון יענע צייטען. דער פראָמי־נענטער מעדיצינער פון באסטאן דר. אברהם גליקמאן — וועמען דער לעהזער וועט באגעגענען אין די שורות פון מיינע קאַפּיטלעך האָט אונז צוגעשטעלט זיינע קורצע מעמוארען.

די געשעהענישען זיינען טיילווייז אָהן א סדר, און אזוי זיינען זיי פארצייכענט געוואָרען. וועמעס שולד דאָס איז — איז באמת שווער צו זאגען. ווארום די ממשלות פון אוקראינא האָבען זיך אין יענע צייטען געביטען כמעט אלע נאכט... עס האָט שוין אמאָהל געטראפען דאָס אין אוקראינא גופא זאלען זיך האָבען געפונען דריי באזונדערע רעגירונגען אין איין און דער זעלבער צייט... חוץ די

קלענערע און גרעסערע „באנדעס" וועמעס פיהרער האבען זיך געקרוינט פאר קעניגע אין פארשיידענע שטעט און שטעטלאך — און געצוואונגען די איינוואוינער צו שרייען יחי המלך! דערפאר איז עס אוממעגליך געווען צו האלטען א אויג אויף דעם גאנג פון די פאגראמען. דער מחבר פון נאוואגראד־וואלינסק האט געמאכט יעדע אנשטריינ־גונג — און מעהר אדער ווייניגער געשטעלט אין ארדענונג די געשיכטע פון אונזערע ליידען.

זאלען דיזע שורות פארבינדען די תפילות פון די קדושים מיט די תפילות פון אונזערע עלטערען אין די דורות פון חורבן הבית, מסעי הצלב, אין שנת ת"ח, לאַ־מיר פונקט ווי זיי געטרייסט ווערען מיט דער געטליכער פארזיכערונג „כי דורש דמים אותם זכר, לא שכח צעקת ענוים!

נאוואגראד־וואלינסק, אָנפאנג׳ס יאהר 1918 — אין די טעג פון איהר פרידליכער בליהונג — האָט פארזוכט דעם ערשטען פאָגראָם, און דעם נאָכ־טעם — לויה פראָצעסיעס. קיין איבעריגע איינצעלהייטען פון דעם פאָגראָם איז אונז ניט באקאנט, חוץ, אז ער איז א פראָדוקט פון אוקראינער סאָלדאטען געשטיצט פון די פויערים. אפילו די מענשליכע קרבנות זיינען ניט רעגיסטרירט געווארען.

אויף דער איניציאטיווע פון דאָקטאָר אברהם גליקמאַן האָט די קהלה פערוואלטונג פראָטעסטירט צום סאָוויעטישען קאָמיסאר פון דער גובערניע (שטאָהט) פאר האָבען געלאָזט די אידישע בירגער שוצלאָז צום אפעטיט פון אַנטיסעמיטיזם, פארדאמענדיג אזא נאָכלייסיגקייט האָט דער פרעזעדיום פון די קהלה אָנגעגריפען קארל מארקס פרייהייט׳ס קעמפער, קיין פראקטישע רעזולטאהטען האָט דאָס אָבער ניט געבראכט. דער קאָמיסאַר אין קיעוו האָט זיך ניט גענומען די מיה אין שרייבען אפילו א באדויערונגס בריעף.

דאָן האָבען די קהלה פארשטעהר אָפגעשטימט צו שיקען א דעלעגאציע דירעקט קיין זשיטאָמיר מיט דער האָפענונג אז זיי וועט געלונגען צו קריגען ארבייטער מילי־טער צו באַשיצען נאוואגראד־וואלינסק. דאָקטאָר גליקמאָן, אלס איינשטימיג דערוועהלטער פאָרזיצענדער פון דער שטאָטישער „דומאַ" (קאונסיל) און הערר אברהם טשעסקים פארשטעהר פון אָרטיגע סאוויעטישע סאָל־

דאטען און ארבייטער דעפּוטאטען זיינען געשיקט געוואָ־רען קיין זשיטאָמיר.

די ערשטע אנטוישונג האָט די דעלעגאציע באגעגנט גלייך ביים אָנקומען אין זשיטאָמיר. דער אָרטיגער קאָ־מיסאַר האָט קאַלט און הארצלאָז צוריקגעוויזען זייער פארלאַנג. אָבער צו גרוים איז געווען דער באגאַזש צוטרוי וואָס דער דאָקטאָר און ה' טשעסקים האָבען מיט זיך מיטגעפיהרט אַז אַ רוסישער פויער זאָל זיי אַנטוואָפענען!

די קהלה איז געווען זיכער אַז די צוויי הערען וועלען ערפאָלגרייך דורכפיהרען זייער מיסיע. אַז זי האָט זיך ניט אָפּגענאַרט איז צו זעהן פון פאָלגענדעם; די דעלעגאציע האָט אָפּגעשטאַט אַ באַזוך אין דער קאנצעלאַריע פון „זשיטאָמירסקי סאָוויעט”, דאָרטען האָבען זיי (ווי עס איז געווען צו ערוואַרטען, דאָקטאָר.) געקראָגען אַ גאָר וואַרימע אויפנאַהמע באַגלייט פון פריינדליכער סימפּאַ־טישער באַציהונג צו זייער ריהרענדען אפּיעל.

מיט דער הילף פון זשיטאָמירער ארבייטער אָרגאַ־ניזאַציעס האָט דער סאָוויעט אין אַ פאַרהעלטניסמעסיג קורצער צייט אָרגאַניזירט אַן „אָטריאַד” (שוץ) פון אַר־בייטער. באוואָפענט מיט אַללע מלחמה מכשירים זיינען זיי אין געפאַנצערטע אויטאָמאָבילען אָנגעקומען אין נאָוואָגראַד־וואָלינסק. אויף'ן וועג צו אונז זיינען זיי ניט איינמאָהל אריינגעצויגען געוואָרען אין שלאַכט מיט טעראָריסטען וואָס האָבען געבושעוועט אין יענע גע־גענדען, ניט איינמאָהל זיינען זיי געווען אויסגעזעצט צו

דער געפאַהר אינגאַנצען פארניכטעט צו ווערין פון די מערדער באנדעס, אָבער יעדעס מאָהל האָבען די ארבייטער נאָך באַטויבענדע שיסערייען באקומען די אויבערהאנט. בעת דער „אַטריאַד" האָט ניט געליהטען קיין שום קרבנות זיינען צווישען די טעראָריסטען זיכער געפאַלען אַ צאָהל טויטע און פארוואונדעטע.

ענדליך האָט נאָוואגראד־וואָלינסק באקומען ארבייטער פליגלען צו שיצען איהרע בירגער. איך זאָג „פליגלען" וויל מעהר ווי א געהיימע „באזע" פאר סאוויעטיש מיליטער — אין פאהל פון שונא'ס אַטאַקע האָבען זיי אין נאָוואגראַד־וואלינסק ניט געשאפען, און שוין, צוריק קיין זשיטאָמיר. צוויי טעג האָבען זיי זיך אויפגעהאלטען אין שטאָט, צוויי טעג האָבען זיי געארבייט אויף די „טרענטשעס", און צוויי טעג האָבען די פויערים באגראָבען די אנטיסעמיטישע חוצפה אין זייערע שטרויענע „כאַטקעס", ניט געוואגט זיך צו צייגען אין דער עפענטליכקייט, שוין אָפגערעדט פון שטאָטישען מארק — וואָס האָט זיי גערינט פאַר א צוזאמענקונפט פאר א פאָגראָם. טאָקע ניט מעהר ווי צוויי מעת לעת, ווארום אויף'ן דריטען מעת לעת האָט זיך שוין געטומעלט וועגען א נייעם פאָגראָם, און געפיהלט בחוש האָט מען איהם דורך אַ פאָהר אַנטיסעמיטישע סאוויעטע אַגיטאַטאָרס.

די נייע שחיטה איז געווען באַשטימט אין טאָג פון „יאַריד", אַ וואָהך נאָכ'ן צוריקפאהרען פון „אַטריאַד". גליקליכערוויזע האָט דייטשע מיליטער מיט דער הסכמה

פון די באָלשעוויקעס דאַן דורכגעקרייצט נאָוואגראד־וואָ־
לינסק. פויערים מיט „לײדיגע זעק"... זיינען געשטאַנען
גרייט... אָבער צושראָקענע און פּאַראַליזירטע — מיט
דייטשע סאָלדאַטען ארוהם זיי... דאָס מיליטער האָט
פּאַטרולירט די גאַסען צו פערמיידען וועלכע פיינדליכע
דעמאָנסטראציעס — און אומבאוואוסטזיניג אויך איינ־
געשפּאָרט אַ ביסעל אידישע בלוט.

*  *  *

אין גאַנג פון די אומרוהען האָט זיך אָנגעהויבען א
שטאַרקע באוועגונג פאר א זעלבסטשוץ וואָס זאָל באַ־
שטעהן פון אידען און ליבעראלע קריסטען אין עלטער פון
אַכטצעהן ביז פינף און פערציג. און דאָ קומען מיר אליין
נאָהענטער צו דער ראָלע פון אידען פריינד, ליבעראַלער
קאָמאַנדיר פון א גרויסער אַרמיי, אויפריכטיגער אוק־
ראינער פאטריאָט גראספאדין גענעראל פּאַדאַלקאָ! מיר
זיינען דאָ ניט אויסען צו גלאָריפיצירען די פענאמענאלע
פערזענליכקייט פון אונזער טרייען פריינד און פארטהיי־
דיגער, אלס וואָס אונז פאראינטערעסירט אויף׳ן מאָ־
מענט איז פּאַדאַלקאָ׳ס טאָהטען, זיין „געשאפענע היס־
טאָריע" אין פארבינדונג מיט דער אידישע באפעלקערונג
פון נאוואגראד־וואלינסק.

אַליין אַ מענטש מיט ליידענשאַפטליכער ליבע צו
אוקראינע האָט פּאַדאַלקאָ געהאָפט און געשטרעבט צו
א אומאפהייִנגיגער רעפּובליק אויף דעם פארשקלאַפטען
באָדען. פארשטעהט זיך אַז ער מיט זיין ארמיי איז געווען

מאַכטלאָז אין דורכפיהרען אזא אונטערנעמונג, וואָס דען, ווי נאָר א פרעמדע מאַכט האָט זיך באוויזען מיט א גע־שריבענעם „פראָגראַם" פאַר א פרייער אוקראַינע — נאָכגעפאָלגט פון פאַמפלעטען וואָס פאַרשפּרעכען די ביר־גער פולע קאאָפעראַציע אויף דעם געביט, פלעגט פּאַ־דאַלקאָ שטעהן גרייט צו דינען דער באַטרעפענדער מלוכה מיט אללעם — אפילו מיט קרבנות פאַר דעם — אין זיינע אויגען — היילינען גאולה מארש!

לאַנג האָט דאָס אָבער ניט אָנגעהאַלטען, זעהר שנעל האָט זיך פּאַדאַלקאָ ארוהמגעזעהן אז מ'פיהרט איהם אין באָד אריין. אזוי גיך ווי די מעכטע וואָס האָבען דורכגע־קרייצט אוקראַינע — נאָוואָגראַד־וואָלינסק געגענד, און האָבען אויסגענוצט די איינוואוינער'ס צוטרויען פאַר איי־גענע צוועקען האָט זיך פון אללע פאַרשפרעכונגען אוים־געלאָזט געפּלאַצטע זייפען בלאָזען.

פּאַדאַלקאָ האָט זיך ניט מעהר געלאָזט נאַרען, און אָנשטאָט צו דינען די „שטאַרקע" האָט ער זיך פאַרנומען אין א אנדער ריכטונג, ער איז געוואָרען דער באַשיצער פון די „שוואַכע", דער היטער פון גערעכטיגקייט און א מעכטיגע רוט פאַר פאַרברעכער. זיין ארמיי האָט ער ריאָרגאַניזירט און זי קאָנצענטרירט אין די געגענדען פון נאָוואָגראַד־וואָלינסק מיט דעם אויפטראַג ניט אריינצו־לאָזען אין שטאָט קיינע „רויבער סאָלדאַטען" אָדער „באַנדעס". אויב עס זיינען געקומען „רעגימענטען" פון דער הערשענדער מאַכט פלעגט פּאַדאַלקאָ זיי קיינמאָהל

ניט לאָזען אין שטאָט אין זייער גאנצקייט, נאָר האָט זיי צוטהיילט אין גרופען... און געהאלטען א אויג... די גרעסטע צרה און שווערסטע פראָבלעמען האָבען גע־שאַפען די איינגעזעסענע פויערים, ווי געהט דאָס ווער־טעל — פון א אייגענעם גנב קען מען זיך ניט היטען, מיט'ן אויפגאנג פון מארגען שטער'ן האָט מען זיך דער־וואוסט פון נייע מאָרדען און רויבערייען. די איינציגע לעהזונג איז אלזא גיווען א זעלבסטשוץ. ווי שוין אָנגעווי־זען איז דער אפיעל פאר מיטגלידער גיווען גערינכטעט צו קריסטען אזוי גוט ווי צו אידען. אפילו קאנסערוואַ־טיווע קריסטען האָבען זיך ווארים אָפגערופען און מיט פארגעניגען געדינט אין דער זעלבסטשוץ וואָס איז גיווען וואך — און פאַטרולירט די גאסען -- גאנצע פיער און צוואַנציג שעה. ווי לאנג דאָס האָט אָנגעהאלטען איז שווער צו זאָגען, א טהייל ווילען האָבען אז דער גן עדן איז גיווען אין עקזיסטענץ גאנצע צוויי חדשים — ביז די פוילישע ארמיי האָט מארשירט אויף נאָוואגראד־וואָ־לינסק און פארטריבען די רויטע טיעף אין אוקראינע. דערוויל, און פוילען האָט זיך איינגעארדענט אין די פאר־כאַפטע שטעט ווי ביי זיך אין דער היים, זייער אנוועזענ־הייט האָט די אידען בעדייטענד געהאָלפען.

די רויטע קאַוואַלעריע האָט זיך ווילד אין גלאָפּ גע־טראָגען פון שטאָט צו שטאָט, און אַט בעוויזען זיי זיך אין נאָוואָגראַד־וואָלינסק, וואָס? שוין אנטלאָפען די פּאָליאַ־קען? אלץ געלאָזט און אנטלאָפען. ביי די ברעגען פון טייך סלוטש זיינען געשטאַנען לאָטקעס און קליינע מאָ־טאָר שיפלאך און אויפגעקליבען פאַרשוואַרצטע קויטיגע פוילישע מיליטער, אָפיצירען מיט גאָלדענע עפּאָלעטען. אויף גאַסען און וועגען האָבען זיך געוואַלגערט איינציגע הרוגים, געלעגען מיט די פנים׳ער צו דער ערד געטוליעט און מיט פאַרוואַרפענע הענט און פיס.

די רויטע ארמיי האָט זיך גוט איינגעפעסטעט אין שטאָט מיט איהרע פיהרער אויף דער וואך. דריי וואָכען זיינען זיי פאַרבליבען „אונזערע געסט" — אויף אונזערע הוצאות — ביז א ידיעה אז די דייטשען האלטען אָפּ איין נצחון נאָכ׳ן צווייטען און באַלד וועט נאָוואָגראַד־וואָלינסק באַהאָנגעלט ווערען מיט דייטשע באָמבעס... בעגריי־פענדיג זייער סיטואציע, האָבען זיי זיך אין די לעצטע שטונדען גענומען צוגרייטען, געמיינט האָבען מיר אז די פיבערדיגע הכנות זיינען פאַר א צוריקטרעטונג, ווי אנדערש? ווער מען זאָל איינפאַלען אז אין א מאָמענט ווען דער טויט לויערט איבער זיי, גרילצט ממש אין די אוי־ערען — זאָל זיי גאָר אין זינען ליגען א פּאָגראָם אויף דער אידישער פרידליכער באפעלקערונג. נאָר אז עס צו־פלאַקערט זיך די אור־אלטע טיראַנישע תאוה צו אידיש בלוט, צו אידיש האָב און גוטס, און דער עיקר צו די אי־

דישע טעכטער... ליגט מען ניט קיין געוויכט אויף דראָהענדע רעזולטאַהטען...

דער אָנפיהרער פון פּאָגראָם איז געווען פּיאָטער ראסקאיאוו, אַ הויכער סאוויעטישער בעאמטער וועמען די קהלה האָט אָנפארטרויעט דעם אידישען גורל און באַשטימט אלס ספּעציעלער באשיצער פון די אידען אין פאַל פון אַ פּאָגראָם... די געמיינדע האָט איהם דערפאר געקויפט אַ שעהנע הויז צום וואוינען און איבערגעגעבען גרויסע סומעס געלד. גליקליכערווייז איז זיי ניט געלונגען דורכצופיהרען אלע זייערע טייוועלשע פּלענער, זיי האָבען ניט מעהר ווי א פערטעל מיליאן רובעל געראַובט, אומגעבראכט פינף פערזאָן, און א צאָהל פארוואונדעט.

גלייך ווי זיי האָבען גרופּענווייז זיך פארנומען אין די אידישע קווארטאלען מיט דעם געדאנק דורכצופיהרען א פולשטענדיגע שחיטה, ווי עס פּאַסט פאר דער סאציאלער גערעכטיגקייט פון סאוועטען רעזשים אינמיטען די טראַגישע שעה'ן פון אידישע ליידען האָט זיך דערהערט דאָס זשומען פון די דייטשע עראָפּלאַנען באגלייט פון רויטע צונגען פייער וואָס האָבען פארשלונגען הונדערטער מערדער. א זכר איז ניט פארבליבען פון א רוסישען לעבעדיגען סאָלדאט. די וואָס האָבען נאָר געקענט, פאר די וואָס איז נאָך ניט געווען צו שפּעט האָבען געראטעוועט זייערע קערפּער'ס פון צו ווערען קאנאנען פלייש.

* * *

עפּעס מעהר ווי זיבען חדשים האָבען די דייטשען

אפעררירט פון נאוואגראד-וואלינסק, און צושפרייט זייער טעהטיגקייט איבער גאנץ אוקראינע, און אויך אונטער זייער פאהן — זיינען מיר געווען ווייט פון א גן עדן... דער פאקט וואס זיי זיינען געווען די געסט פון דער אי-דישער געמיינדע... „קעסט איידימס”... (ווי אנדערש?) איז גענוג — צו בעגרייפען די לאגע פון שוועער...

אין תוך מוז מען אפילו צוגעבען, האבען זיי מעהר אדער ווייניגער איינגעשטעלט א נארמאלען לעבען אין שטאט, די אייזענבאהנען זיינען רעגעלמעסיג געלאפען, דער טאג-טעגליכער האנדעל האט אנגעהויבען פונקציאני-רען, פונקט ווי גארניט וואלט געשעהן. צו דער זעלבער צייט אבער, האבען זיי צוגעגרייט א באדען פאר די פינסטערע כחות. דער פאליטישער רעזשים האט זיך געביטען, די רעאקציאנערע עלעמענטען האבען מיט דייטשלאנד'ס הילף אוועקגעזעצט א „געטמאן” אין קיעוו, די דעמאק-ראטישע דומא פון אוקראינע — וועלכע האט אנגעהאל-טען איהר רעגירונג טראץ דער רויטער מגפה און אי-נערליכע קאמפען פון פרעמדע ארמייען — איז זיך צו-פאלען, און דער פועל יוצא איז געווען „פעטלורא”. דער וואקסענדער איבעל פון דער נייער רעגירונג האט גע-בראכט צו א נייער באוועגונג אנגעפיהרט פון פעטלורא'ן וועלכע האט אנפאנגס פרעטענדירט און כמעט ווי געווען הונדערט פראצענט דעמאקראטיש. אזוי ווי גאנץ אוקראי-נא איז ממש ווי פארויכערט געווארען פון מאנארכיע אפפיום, זיך געטרונקען אין אונטערגאנג פון פאגראמען

און רעטער — האָבען אללע דעמאקראַטישע עלעמענטען זיך אָנגעכאַפּט אין „פּעטלורא׳ס דעמאָקראַטיע״.

* * *

גלייך נאָכדעם ווי די דייטשען האָבען אין דעצעמ־בער 1918, אויפ׳ן באַפעהל פון זייער הויפּט פּאַרלאַזען אוקראַינע, און זייער „געטמאַן״ איז אנטלאָפען קיין דייט־שלאַנד, האָט זייער פּלאַץ פאַרנומען דער טרויעריג באַ־ריהמטער מערדער פיהרער „אַטאַמאַן סימיאָן פּעטלוראַ״ מיט זיינע רוצחים באַנדעס. און פריקרע, אַלע זיינען געווען צופרידען ווען פּעטלורא׳ס אַרמיי האָט געמאָסטען די גלאַטע שליאַכען און קרומע וועגען פון נאָוויגראַד־וואָלינסק, אידען האָבען גע׳יובל׳ט!

מיר וועלין געהן אַ שריט ווייטער און דער לעהזער וועט גאַפּען. די אידען פון אוקראַינע האָבען אין די ערש־טע חדשים פון פּעטלורא׳ס רעזשים געקראָגען א „נאַצ־יאָנאַלע אויטאָנאָמיע״ מיט א ספּעציעלען מיניסטעריום פאַר „אידישע ענינים״. אין יאַנואַר 1919 איז די אידישע קהלה פון נאָוואגראַד־וואָלינסק ריאָרגאַניזירט געוואָרען און האָט אויסגעוועהלט איהר קאָונסיל (סאָוויעט אָב־טשינאי), די וואהלען זיינען פאַרגעקומען אין דער „גאָ־ראָדסקאיאַ אופּראַווא״ (שטאָטישע הויז). דר. אברהם גליקמאַן וועלכער פיגורירט אזוי פּראָמינענט אין קהלה לעבען — פּונקט ווי אין רעגירונג׳ס קרייזען איז גע־וועהלט געוואָרען „פּאַרזיצענדער פון דער קהלה״. דאַכט זיך אז פון אזעלכע פּריווילעגיעס האָבען שוין אידען לאַנג

אויפגעהערט צו חלומ'ען — אפילו אין די לענדער וואו „דעמאָקראַטיע קעניגט". אָבער לאָמיר פאַרטזעצען און זעהן וואָס פון פעטלורא'ס דעמאָקראטיע איז געוואָרען.

נאָכדעם ווי די דייטשען האָבען געמאכט פלאַץ פאַר פעטלורא'ס רעפּובליק — האָבען די רויטע בענייט זייער מאַרש אויף אוקראַינע. מיט יעדען טאָג זיינען פעטלורא'ס טעריטאָריע גרעניצען איינגעשרומפען געוואָרען, יעדע וואָהך האָט אָפּגעריסען א נייעם טהייל פון פעטלורא'ס קעניגרייך, און מיט'ן גאנג פון חדשים איז זיך פעטלורא'ס רעגירונג כמעט ווי צופאַלען. ניט מעהר א שטאַרקע דעמאקראטישע רעגירונג נאָר א „הייפעלע", א „קליקע" מיט פעטלורא'ן אין דער שפּיצע. דאן האָט זיך צווישען פעטלורא'ס מענטשען געהערט דער אויסגעשריי „עפּעס איז פויל אין דענמארק". מ'האָט געזוכט א שעיר לעזאזל וואָס זאָל טראָגען די פאראנטוואָרטליכקייט פאַר דער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע. לאַנג זוכען האָט מען ניט געדאַרפט, א פּאָהר פון פעטלורא'ס אדיוטאנטען האָבען אָנגעהויבען אויפבּלאָזען די אלטע באשולדיגונגען פּונקט ווי אין צאר'ס צייטען אז אידען זיינען „באָלשעוויקעס" און שפּיאָנירען דערפאר פאר'ן שונא.

דאָ וועלען מיר פרעגען וויפיעל זיינען זיי דאָרט געבליבען ליגען?... וויפיעל לעבענ'ס האָט געקאָסט די תאוה פון מענשען פרעסער? וויפיעל שוידער האָט געבראַכט זיינע טהאטען? צו זיינע אויערען האָט ניט דערגרייכט דאָס ביטערע אידישע געוויין, דאָס שרייען און

רופען פון זיינע טויזענדער קרבנות. אך, ווי קלאָהר איך הער די פארצווייפעלטע געשרייען וואָס האָבען זיך צו־זאמענגעגאָסען אין איין יאָמערליכען טרויער געבעט. אזאַ טרויער געבעט האָט נאָך הימעל און ערד ניט גע־הערט!...

געלעגען זיינען מאסען אידישע הרוגים איינער אי־בער אנדער'ן — צווישען פערד מיט פארגליווערטע שטאַרע פּים, און בייכער אויפגעלאָפענע ווי די קעסלען, טויט מיט אפענע אויגען צום הימעל, מיט אויפגעשטעל־טע קניהען, מיט צונויפגעקוועטשטע הענט. און געוויינט האָבען זייערע פנים'ער מיט אזא געוויין...

איך דער סצענע בעוויזט זיך מיין פאָטער (רב הכולל) צוזאמען מיט די ראשי הקהלה. זיי זיינען געקומען מיט א ספר תורה און ברויט מיט זאַלץ, דער סימבאָל פון אידישען פרידען. אָבער אוי ואבוי די ספר תורה מיט'ן בלויען מענטעלע האָט זיך א טרייסעל געטאָהן און גע־פאלען פון מיין פאטער'ס ציטערענדע הענט. זיין זיידענע קאַפאָטע איז איינגעטונקען געוואָרען אין מענשליך בלוט! ער פאלט מיט'ן פנים צו דער רויטער ערד, געהייליגט מיט'ן בלוט פון די קדושים. א פארשטיקטער געשריי רייסט זיך פון זיין האלז, זעה, פאטער אין הימעל! צעהנד־ליגער פון אונזער בעסטע זיהן און טעכטער ליגען דאָ...

צו דער לויה, האָט דער רבי אָנגעהויבען זיין הספד מיט א שטילער תפלה, און דאן א זיפץ פון א פאטער וועמעס קינדער עס ווערען אויסגעקוילעט פאר זיינע

אויגען, ממעמקים קראתיך ד׳ — פון דעם טיפען פינסטע־רען אָפּגרונד רוף איך דיר ג־ט... זאָלען דיינע אויערען זיין געניינגט צו מיין געבעט... היסטערישע געוויינען פון אַלט און יונג, די גאנצע וועלט וויינט אויפ׳ן גרויסען חורבן, על השרפה אשר שרף ד׳! אַ אייביגער געוויין און יאָמער פון אלמנות און יתומים.

הונדערטער אידישע פאמיליעס זיינען פארטריבען געוואָרען פון זייערע וואוינונגען, און פארנומען זייערע פלעצער האָבען גראָבע צווילדיווועטע בויאנעס פון קרע־ציגען אומגעלומפערטען אויסזעהן. אָסקילקא דער „פּיה־רער״ און פעטלורא׳ס שטעל פארטרעטער האָט ארויס־געלאָזען א דעקרעט אויפפאָדערענדיג אלע אידען, פרויען און מענער אָהן אונטערשייד זיך צו פערזאמלען אין איינע פון די הויפט גאסען און הערען זיין אולטימאטום. די מורא אַז פעטלורא, אָסקילקא און זייער קליקע האָבען דאָ אינזינען א מאסען שחיטה האָט צוריקגעהאלטען מעהרסטע פון די צוואנציג טויזענד אידישע נפשות אוים־צופאָלגען די מערדער׳ס דעקרעט. און אנשטאט זיך צו בעווייזען אויף די הויפט גאַסען, זיינען זיי געלעגען אין די נאסע קעלערען און גערופען צו זייער „פאָטער אין הימעל״.

האָט ער זיי געענטפערט? יאָ, אטאמאן פעטלורא (ער איז געקומען פערזענליך). דערזעהענדיג פאר זיך אזא קליין הייפעלע אידען האָט זיך אין איהם צופלאקערט זיין דעמאגאגיש פויערשע רציחה, און ער האָט מיט זיינע

באַנדעס ווי אַ פייער שפייענדער אינפערנאַ באַדעקט אַ צאָהל אידישע הייזער. די ערשטע געטראָפען צו ווערען זיינען געווען ר׳ יצחק צבי חיים מיט זיין פאַמיליע פון אכט. אַ שטילער צוריקגעצויגענער חסיד. אַט דער איד איז געטראָפען געוואָרען פון פעטלורא׳ס קוילען, דורכ־געלעכערט ווי אַ זיפּ איז זיין פאַרטריקענטער קאָפּ גע־פאַלען אויף דער גמרא סנהדרין וואָס ער האָט געהאַלטען אין לערנען... איינער פון זיינע זיהן האָט זיך געוואָר־פען אויפ׳ן מערדער, און נאָך איידער ער האָט באַוויזען אויפצוהויבען זיינע הענט, איז זיין יונגער קאָפּ געפלוי־גען דורכ׳ן האַלב אָפענעם פענסטער, ער האָט זיך פאַר אַ סעקונדע געקייקעלט אין מיסט און צולעצט זיך אָפּ־געשטעלט מיט אָפענע אויגען, אַזוי האָבען זיי די גאַנצע פאַמיליע פאַרוואַנדעלט אין אַ געמיש פון אָפּגעהאַקטע קעפּ, הענט און פיס...

אַ צווייטע אָפּטהיילונג פון פעטלורא׳ס באַנדע האָט זיך אריינגעריסען אין מושב זקנים. זעה נאָר ווי מ׳לאָזט אונז ניט שטאַרבען, האָט אַ גרייז גראַהער זקן געקרעכצט! נו, אַ קויל אין רוקען האָט איהם אויף אייביג שטום גע־מאַכט. צוזאַמען מיט׳ן אַלטיטשקען זיינען נאָך אַכט זקנים געפאַלען ווי די זאַנגען אונטער אַ טעמפען מעסער. דאָס האָט פּאַסירט אין צוואַנציגסטען יאָהר הונדערט!

גיוועזען ביי אונז אין שטאָט אַ פאַמיליע לוריע. פאַר דער רעוואָלוציע איז ה׳ לוריע געווען פאַרעכענט צווישען די פאַרמעגליכע לעדער פאַבריקאַנטען. מיט׳ן אויסנאַהם

פון צוויי קינדער איז די גאנצע פאמיליע פון עלף (11) אויסגעקוילעט געווארען אין דער ערשטער סדר נאכט. פאסירט האט עס אזוי: די משפחה האט געהאל-טען ביים דריטען „כוס" דער וויין איז געווען בא'טעמ'ט און היבשליך שטארק — אזוי אז ער האט דעם עולם גע-מאכט פארגעסען די נייע קנעכטשאפט, און פארשטעלט פון ווייסען אויג די מיילער פון רעוואלווערען אין דעם שיין פון בלאנקע שפיזען, א חוץ א נייע גאולה מיט משיח'ן אויפ'ן אייזעל האבען זיי ניט געזעהן קומען, עפעס הא-בען זיי אינסטינקטיוו געפיהלט די חבלי משיח... די טענער האבען זיך געריסען פון בלינדער גאולה פרייד... לשנה הבאה בירושלים האט געקלונגען און זיך געטרא-גען אין דער געדיכטער פינסטערניש — דורך די אפענע פענסטער... וויט... וויט פארקראכען — אזש אין לאגער פון די מערדער... פרעה'ס יורשים האבען זיך געלאזט אין דער ריכטונג פון וואנען דער געזאנג האט זיך געטראגען, אנגעשפיצט די אויערין האבען זיי געשפאנט און אונטערוועגענס זיך צוגעהערט צום צעהלען פון די עשר מכות וואס איז געקומען אויף זייער עלטער זיי-דען... מיט יעדע מכה איז זייער רציחה געשטיגען... מיט די דבקות פון די נשמה'פולע לירישע נגונים וואס איז געקומען פון די „לוריעס" האט זיך זייער תאוה צוצונ-דען, צוגליהט... מארד, שטיקער מענטשען פלייש, האט געקענט שטילען זייער הונגער, קווארטען מענטשען בלוט האט געקענט לעשען זייער דורשט... ווארום געשלאפען

זיינען זיי ביז די פסח׳דיגע התלהבות האָט זיי גע־שטעלט אויף די פיס . . .   די גומענ׳ס זייערע זיינען געווען פארטריקענט פון קרענקליכען כראַפּען מיט צו־עפּענטע מיילער... און שוים אויף זייערע ליפּען...

דערוויל, און די לוריעס האָבען אָנגעגאָסען דעם כוס של אליהו, געמאכט די נויטיגע הכנות צו באגעגענען דעם לעגענדארישען אומשטערבליכען „אליהו״, דער מלאך ארוהם וועמען די גאולה פעדים וועבען זיך שוין צוויי טויזענד יאָהר... אָט, און דער בן זקונים וועט צו־עפּענען די טיהרען ברייט... ברייט... און אריינשפּאַ־צירען וועט מאַיעסטעטיש די געטליכקייט, דער מלאך אליהו... אָבער... געווען איז עס גאַנץ אַנדערש, טאַקע אריינגעקומען א מלאך דורך די אָפענע טהירען — זיין נאָמען איז אָבער ניט „אליהו״ נאָר „מות״, א טעות האָט ער געמאכט דער מלאך המות, געמיינט האָט ער אז מ׳רופט איהם... ער האָט ניט באמערקט דעם אידישען סימן ביים אריינגאנג... און געהאט האָט ער אזעלכע ברייטע פליגלען... פלאַץ אַזש פאר עלף נשמות... און פאר־טרונקען האָט ער מיט׳ן כוס של אליהו... אזא חורבן אין דער גאולה נאכט!

אין פארלויף פון חדשים האָבען זיך די אומרוהען איבערגע׳חזר׳ט טעגליך. דאָס האָט מורא׳דיג געווירקט און געבראכט צו א טויטליכען פאניק אין דער אידישער גאַס. יעדעס געזיכט האָט מיט זיך פארגעשטעלט א בא־

זונדער טראַגעדיע, א טראַגעדיע וואָס איז אין זעלבען עלטער מיט'ן נאָמען „איד"...

און ווי דער שטייגער אין אַזעלכע פעהלע, קומט צו אחדות אין די אידישע רייהען. נאָך קיינמאָהל איז די קהלה ניט געווען אַזוי פאַראייניגט ווי אונטער פעטלור־ראַ'ס רעזשים, די ערשטע צייטען אין פריידען און די לעצטע אין ליידען... אויך די שטימע פון דער יוגענד — בראַווע אידישע יונגעלייט — האָט זיך געלאָזט הערען, געהיימע סיגנאַלען זיינען געגעבען געוואָרען, און עס איז פאָרמירט געוואָרען א דיסציפלינירטע זעלבסטשוץ. אַזאַ זעלבסטשוץ איז שוין איינמאָהל געווען אין מאַכט אונטער דער פיהרערשאַפט פון „פאַדאַלקאַ" מיט'ן איינציגען אויסנאַהם וואָס אין דעם פאַל זיינען קריסטען ניט אָנגענומען געוואָרען . . . בראש פון דער זעלבסטשוץ האָט זיך געשטעלט ה' טולע מאַרמאָר. טראָטץ די געפאהר מיט וועלכע א אָרגאַניזאַציע פון דעם מין איז גיווען ארומגערינגעלט, האָט ער אָהן אויפהער אַגיטירט אין דער עפענטליכקייט פאַר דעם אנשלום אין דער זעלבסטשוץ. זיין טיעף ריהרענדע פראַגע צו דער אידישער יוגענד איז פאַרצייכענט אין מאַנוסקריפּט, „וואָס איז ערגער פון קוקען דעם מלאך המות טעגליך אין די אויגען, איהם הערען קלאַפּען אין יעדע טיר און טויער, ניט ווי־סענדיג ווער עס איז דער צווייטער קרבן אויפ'ן מזבח פון אַנטיסעמיטיזם?!"

ליידער האָט די אידישע זעלבסטשוץ געשפּילט א זעהר קליינע ראָלע אין אונזער אומגליקליכען לעבען. ערשטענ׳ס, ווייל זייער צאָהל איז געוועזן אומבעדייטענד קליין, דאָס לאָזט זיך פארשטעהן מיט דעם וואָס פיעלע יונגעלייט זיינען אומגעקומען דורך די אָפטע אָנפאַהלען און פּאָגראָמען פון די כוליגאַנעס — אין משך פון איינינע חדשים. דאָס ווידער האָט מיטגעבראכט וואָס פיעלע זיהן, קינדער פון אידישע טאטע־מאמע, זיינען געשטערט געוואָרען פון זייערע עלטערען אנטהייל צונעמען אין דער זעלבסטשוץ, אוים מורא אז אן אומגליק זאָל ח״ו מיט זיי ניט טרעפען. און וואָס קען זיין שטארקער פון אַ מוטער׳ס טרערען?... צווייטענ׳ס, די וויכטיגסטע פון אַלע אורזאכען, עס האָט זיי געפעהלט די נויטיגע אמו־ניציע, געה פארטיידיג זיך מיט ליידיגע הענט געגען באַ־וואפענטע רוצחים צו ווענען דער נאָמען „זשיד״ איז סם... פונדעסטוועגען מיט די אלע פעהלערען, מעג דאָ די אידישע זעלבסטשוץ דערמאָנט ווערען צום גוטען. ווי קליין זייער צאָהל איז ניט געוועזן — האָבען זיי ביי פאַר־שיעדענע געלעגענהייטען, בראוו פארטהיידיגט ישראל׳ס עהרע. זייער פרייהייט איז געוועזן זייער רעליגיע, און די ריינקייט פון זייערע מוטער׳ס און שוועסטער זייער ג־ט! די געפאַלענע און צווישען זיי — זייער גרינדער און איניציאַטאָר ה׳ מאַרמאָר ז״ל זיינען געווים שטאָלץ אויף זייער העראָאישען טויט, און ווייסען מעגליך, אז עס האָט זיך געלוינט צו שטאַרבען פאַר אַזאַ הייליגטהום!

דער לעהזער האָט שוין ניט איינמאָהל באַגעגענט אין מיינע שורות דעם אידען פריינד „פּאַדאַלקאָ”. זעלטען ווען מיר טרעפען אין אונזער געשיכטע אַ מענטשען מיט אַזויפיעל ליבע צום אידישען פאָלק, מיט אַזויפיעל מסירת נפש פאַר קינדער פון אַ סעמיטישען שבט, מיט אַזויפיעל דרך ארץ פאַר א פרעמדער רעליגיע! און מערקווירדיג אונז איז אומבאַקאַנט זיין דינאַסטיע, ווייסען ניט ווי אַזוי און פון וואנען ער איז געקומען צו אונז, אַזוי אויך ווייסען מיר ניט וואו ער איז אהינגעקומען נאָכדעם ווי די באָל-שעוויקעם האָבען אין 1920 אָפּגעהאַלטען זייער לעצטען זיג אין אוקראַינאַ.

אָבער, זיין אידען רעטערישע ראָלע ציהט זיך — און אויך אין דעם ווינקעל האָבען מיר צו פארצייכענען א אויסערגעוויינליכען אַקט פון קוראַזש און דינאַמישע וויר-קונג אויף'ן חשבון פון פּאַדאַלקאָ אין באַצוג צו פּעטלורא'ס חיילות.

ווי שוין אַנגעוויזען איז פּאַדאַלקאָ געווען דער פיה-רער פון א אומאָפּהיינגיגער בעדייטענדע אַרמיי וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטען אין נאָוואָגראַד-וואָלינסק און אומגע-גענד. אַ חוץ צו איהם זיינע סאָלדאַטען צו קיינעם ניט געווען פאראַנטוואָרטליך. און ער ווידער, ווען נאָר מעגליך פלעגט פערמיידען אָדער גאָר דערשטיקען אָרגאַניזירטע פּאָגראָמען.

אַ געלעגענהייט צו פערמיידען א „פּראָסקוראָווער שחיטה” האָט ער באַקומען אין פעברואַר 1919 — אונטער

פּעטליוראַ׳ס רעזשים — ווען אַ קלאַנג האָט זיך פאַר־שפּרייט אַז אַ מאַסע „היידאַמאַקעס" רוקען זיך אויף נאָוואָגראַד־וואָלינסק, דאָס זיינען די זעלבע וועלכע האָבען געמאַכט די באַריהמטע שחיטה אין „פּראָסקוראָוו". זיי האָבען גע׳שמ׳ט פאַר די בלוטיגסטע חיות אין פּעטליוראַ׳ס אַרמיי. דר. גליקמאַן צוזאַמען מיט הערר מאיר שלייען — באַקאַנטער כלל־טוהער—האָבען זיך געלאָזט צו „פּאַדאַל־קאָ". אין דעם לעצטענ׳ס קאַנצעלאַריע האָט מען זיי אינ־פאָרמירט אַז ער געפינט זיך אויפ׳ן וואָקזאַל. דאָרטען האָבען די צוויי באַזאָרגטע שתדלנים געטראָפען פּאַדאַל־קאָ׳ס מענטשען שוויצענדיג איבער צושטערטע רעלסען אויף דער לענג פון אַ „ווערסט" (אַמעריקאַנער מייל). זיי האָבען גלייך באַגריפען אַז פון אַ פריינד, אַ היימישען, דאַרף מען קיין הילף ניט בעטען... פּאַדאַלקאָ אַליין האָט רוהיג ערקלעהרט אַז ער וועט ניט דולדען די „היי־דאַמאַקעס" אין דעם געגענד. זיין „אַטריאַד" מיט „מאַשין ביקסען" האָט ער אויסגעשטעלט פון ביידע זייטען רעל־סען און ווען די אייזענבאַהן איז צוגעקומען האָט פּאַדאַלקאָ זעלבסט סיגנאַלירט אַ וואָרנונג.

בליץ שנעל זיינען די „היידאַמאַקעס" אַנטוואָפענט געוואָרען און באַוואַכט פון „אַטריאַד" האָבען זיי זיך דריי טעג אויפגעהאַלטען אין וואָקזאַל ביז פּאַדאַלקאָ האָט זיך טעלעגראַפיש פאַרשטענדיגט מיט פּעטליוראַ׳ס שטאַב אַז די לעצטע זאָל׳ן צוריקרופען די „היידאַמאַקעס".

די אידען האָבען פרייער אָפּגעאָטעמט, אַפילו אין



גענעראַל סימאָן פּעטלוראַ אין זיין אוניפאָרם

כסדר׳דיגער פאגראם שרעק פאר די אנדערע פעטלו־ רא׳צעס — אבער דאך ניט די „היידאמאקעס״, אזוי אל־ לענפאלס האבען זיי געדענקט ביז דעם 26טען מארטש 1919.

איך שטריינג זיך אן זוכענדיג א נאמען פאר דעם 26טען מארטש 1919. איך בלעטער די געשיכטע פון אי־ דישע ליידען, איך זוך און נישטער אין די ארכיוועז פון אידישען חורבן דורך זיין לאנגען גלות לעבען, אפשר וועל איך אין תהום פון ישראל׳ס קנעכטשאפט, געפינען א פאסענדען נאמען פאר א טאג אין דער מאדערנער צי־ וויליזאציע, אבער ניטא, ניטא קיין נאמען פאר דעם פארשאלטענעם טאג! איהם א נאמען געבען „דער טאג פון בעסטיאלישע ברוטאליטעט״? „דער טאג פון פאר־ בארישע אינקוויזיציע״? לאנגע שווידערליכע נעמען, אבער ניין, זיי זיינען ניט אנגעמאסטען פאר דעם טאג אין צוואנציגסטען יאהר הונדערט... דאס בעסטע וועט אבער זיין, לייענט און אליין גיט א נאמען די שוין לאנג פאר־ געסענע 24 שטונדען פון 26טען מארטש, 1919.

גאנץ פריה, די גאסען פון נאוואגראד־וואלינסק זיינען פוסט ליידיג, מענטשען ליגען נאך אין זייערע טונקעלע נארעס, טראכטען פון דער פינסטערער קעגענווארט, זו־ כען אין זייערע געדאנקען א אויסוועג פון לעבעדיגען קבר. פונקט דאן, זיבען דרייסיג פריה, ווען די זון איז נאך געלעגען בעהאלטען הינטער די וואלקענס פון טרויער האט זיך א שטראהל ליכט — ווי פון א לאמטערן וואס

ווערט פון ווינט געדראהט — באוויזען אין דער פארמע פון ווייסע קארדאנענע טאָוולען מיט שווארצע שרייענדע אותיות „פון וולאסט (מאכט) אונטער אטאמאן פעט־לורא" אלע איינוואוינער פון שטאט ווערען געבעטען זיך צו האלטען רוהיג. די וולאסט וועט זיין פאראנטווארט־ליך! קיינע אויסברוכען פון ווילדען צאר'ן, האס, פאָג־ראָמען וועלען ניט טאָלערירט ווערען. טויט שטראָף צו די שטערער פון אָרדענונג!

אַזוי ווי פעטלורא האָט אין יענער צייט טראָץ די אָללע מפלות געטראָגען אויף זיך דעם מלבוש פון א מעכ־טיגען דיקטאָטאָר — איז קיינעם ניט איינגעפאלען צו צווייפלען אין דער אויפריכטיגקייט פון די מודעות, ווער ווייסט אפשר האָט ער זיין גאַנצע טאַקטיק געביטען אונטער'ן דרוק פון שונא און וויל אויפסנייי מיט די אי־דען'ס הילף צוריקשטעלען זיין דעמאָקראַטישען פראָ־גראַם — כאָטש פראַקטיקע האָט אונז געוואָרענט!

נאָוואָגראַד־וואָלינסק האָט צוריק אויפגעלעבט. אמת, דער אבל'דיגער טרויער איז נאָך ווייט ניט געווען פאר־שוואונדען, ער האָט זיך שטאַרק געמערקט אויף אָלעם און אלעמען, אָבער ביז א געוויסער מאָס, באגרעניצט. מ'האָט שוין געקענט טרעפען מענגעם מענשען אין גאַס דיסקוטירענדיג די לעצטע געשעהענישען. מאַכענדיג א סך הכל פון די אללע אידישע קרבנות וועלכע זיינען גע־טראָפען געוואָרען פון אנטיסעמיטישען שווערד. קיין אונטערשייד פון וואָס פאר רעגירער אָדער רעגירונג.

ווארום אין תוך זיינען זיי דאך מעהסטענ'ס פארביסענע אנטיסעמיטען, און ווען עס רוקט זיך אונטער אזא גוטע געלעגענהייט ווי צו שחט'ען אידען לאזען זיי זעהר זעלטען פערביי. און ווען נאך האבען די אלע אנטיסעמיטישע ארמייען געהאט אזא גוטע געלעגענהייט ווי אין יענע פינסטערע טעג... אידישע נפשות אין יענע געגענדען זיינען דאך פאקטיש געווען הפקר פאר יעדען בויאן און כוליגאן. האט דען אימיצער פרובירט אפשטעלען אדער צאמען די ווילדע אנטיסעמיטען? אויף דעם קומט א שארפער „ניין" איינגעהילט אין בייסענדע קריטיק... וואס וועט זיכער קריגען די סימפאטיע פון די לעהזער, אבער וועט נים העלפען די טויזענדער קדושים!

יא אמעריקא, אידען פון אמעריקא האבען בייגעשטייערט אויף תכריכים... א פאקט פארצייכענט אין מאנוסקריפט. נו און עצות? איינמאהל קומט פון אמעריקא אן עצה באגלייט פון א ווארנונג, וואס האט זיך געלייענט „פארלאזט נים די שטאט מיט דעם געדאנק אויסצוואוואנדערען אין אנדערע ווייטע מקומות, אויב איהר פארמאגט נים גענוג רייזע קאסטען, שעהנע קליידער, און כשר'ע תעודות פון דער הערשענדער מאכט... א. ז. וו.

דאס, און נאך אנגעוועהטאגטע פראבלעמען זיינען אין משך פון פיער — פינף שעה געווען פון גרוים אינטערעס. ביז א שווארצע כמארע האט זיך פארצויגען איבער דער צייטווייליגער אזוי גערופענער ליכט, און אנגעזאגט אין

דער בּאַרמע פון א אפיציעלן קאָנטריבוציע (שטייער) דעקרעט, אז די אידישע קהלה זאָל אין פארלויף פון דריי שעה צושטעלן צו פעטלורא׳ס באַנדעס, דריי הונדערט טויזענד (300,000) רובּעל, צוויי טויזענד (2,000) העמ־דער, צוויי טויזענד (2,000) פּאָר הויזען, א צאָהל חזירים... זאלץ, און א צעטעל פון א רייהע אנדערע עסענוואַרג און חפצים אריינרעכענדיג „ארוזשיע” (גע־וועהר). נו, געה וויים וואָס עס שטעקט אונטערן אנטי־סעמיטישען גאַרטעל. יוסף חיים דער שמש זאָל זיי געבּען ארוזשיע. אונזער חשד אז דאָס שמעקט מיט א פּאָגראָם העצע האָט אונז ניט אָפּגענאַרט. און ווען אין די אידישע גאַסען האָבּען זיך לאַט לאַט אָנגעהויבּען ווייזען מוש־טירענדע זעלנער — זיינען מיר שוין געווען זיכער וואָס אונז דערוואַרטעט... דער פּאָגראָם אָבּער האָט איבּער־געשטיגען אלע אונזערע ערוואַרטונגען... אַז אפילו פאר־גרעבּטע געוויסענלאָזע דאָרפישע פויערים זאָלען פער־וואַנדעלט ווערען אין אפריקאַנער דזשאנגעל קעץ — אויף דעם האָבּען מיר זיך ניט גערעכט... אַ פּאָגראָם מיט אלע זיינע גרויזאַמע וואַהפען. אסור, אויבּ דער אשמדאי וואָלט אזוינס געקענט בּעווייזען!...

אין דער טריסקער קלויז האָבּען זיך געפונען צוועלף עלטערע אידען, וועמעס איינציגער פארגעניגען איז בּע־שטאַנען פון א פרק משניות. אין די אינגערע יאָהרען האָבּען זיי זיך פארנומען מיט מסחר לעת זקנתם אָבּער, האָבּען זיי אינזינען געהאַט איין זאך און דאָס איז א חלק

עולם הבא... פלעגט מען טאקע רופען די זקנים — „די צוועלף בעלי תאוה׳ניקעס״... ווי נאר עס איז גע־ווארען טונקעל פלעגען זיי זיך פערזאמלען אין „קלויז״ און מיט א באזונדער התמדה ארבייטען אויף דער פאר־ווירקליכונג פון זייער טרוים און פונקט ווי אלע אווענד, אזוי אויך אין דעם אווענד פון 26טען מארטש, זיינען זיי געקומען, ניט וויסענדיג אז זייער הייסער וואונש „עולם הבא״ שטעהט אויף דער שוועל פון דער טריסקער קלויז ... א קליינע גרופע פון פעטלורא׳ס חיות האבען ארויסגעפיהרט די צוועלף צום טויט דערשראקענע אידען מיט דעם אלטען תירוץ „דא־ראבאטא״ צו דער ארבייט... מ׳האט די זקנים צוגעשטעלט „זאסטעפער״ (שאוועלס) און זיי באפוילען צו גראבען א גרוב, א טיעפע און ברייטע גרוב ... בעת דער שוויים האט גערונען פון די צו־בראכענע אויסגעמוטשעטע — האבען די חיות אין מענ־שען געשטאלט געצופט זייערע בערד און גע׳חוזק׳ט פון דעם אופן ווי זיי גראבען זייער קבר!...

נאך דער גרוילהאפטער שטיקעל ארבייט, האבען זיי זיך שכור׳ע געלאזט צו די אידישע טעכטער צוזעטיגען זייער בעסטיאלישע תאוה. בתיה! האט זיך דערהערט א ציטערענדע מוטער שטימע פון אנטקעגענאיבער אונזער מויער. אריין אין שטוב — אונטערען בעט, דעק זיך איבער מיט דער איבערבעט... און אליין איז זי נאכ־געלאפען בתיה׳ן צו מאכען זיכער אז דאס בעטגעוואנט וועט ניט פארראטהען איהר אומשולדיגע בת יחידה!

זיבעצעהן יאָהר איז בתיה אלט געווען, עלטער איז זי שוין ניט געוואָרען! מיט דעם ערשטען אָנגרייפער האָט זיך נאָך בתיה ביטער געראנגעלט און ארויסגעוויזען א פארצווייפעלטען ווידערשטאַנד, די אנדערע שענדער איז שוין אָנגעקומען לייכטער... פון די אומפארשטענדליכע שטאַמעלדיגע ווערטער וואָס די אומגליקליכע מאַמע האָט אין איהר כמעט באוואוסטלאָזען צושטאַנד געשעפּטשעט, איז געווען קלאָהר אז איהר ליב קינד האָט אויסגעהויכט איהר לעצטען אָטעם אין די טיגער לאַפּעס פון איהר ערש־טען שענדער... און אָט דערפאר איז די אנדערע פון איהרע אטאקירער אנגעקומען אזוי לייכט צו פארגוואל־טיגען א „טויטע בת ישראל”!

זעלטען ווען עס טרעפט אזא אריענטאליש-גראציעזע שענהייט ווי בתיה איז געווען. א שלאנקע מיט פעך שווארצע ציגיינער האָר, א ברייטער שטער'ן מיט א אָפּגעצעהרטען פּנים וואָס האָט איהר נאָך צוגעגעבען מעהן חן און רייץ. די געטאָקטע נאָז און די צוויי קויל שוואַרצע טרוימישע אויגען זיינען געווען גענוג צו פאר־כשופ'ען יעדען מאַן.

שכנות האָבען נאָכדעם געזעהן בתיה'ס קערפּער, איהרע האָר איין רויטער קנויל, דער פּנים מיט'ן שטער'ן צובייזלט, די נאָז אויסגעבויגען און ארום האלז טיעפע נעגעל לעכער. די ברוסטען אויפגעריסען און באדעקט מיט א מאָדנעם פארגליווערטען זאפט! דער רעכטער פוס אינגאנצען אָפּגעריסען און פארשווייגט מיט בלוט, דער

איבעריגער צושטאַנד פון קערפּער לאָזט זיך ניט דער־קלעהרען!...

די טראַגעדיעס פון די צוועלף עלטערע אידען און דער צארטער בתיה'ן זיינען ניט מעהר ווי קליינע אינ־צידענטען אין פערגלייך מיט די אנדערע הימעל שרייענ־דע מעשים תעתועים אין דער נאַכט פון 26טען מארטש. די בילדער פון די הונדערטער לעבעדיג באגראָבענע, דערטרונקענע און געשאָכטענע וואָלטען אין נאָרמאַלע צייטען צוגעשריבען געוואָרען צו דער פאנטאזיע פון אַ אוואַנטוריסט, און זיכער בעטראכט געוואָרען פאר ניט געשטויגענע פאנטאסטישע לעגענדעס וועלכע זיינען ניט שכיח אין ציוויליזירטע לענדער.

* * *

פעטלורא'ס מאכט האָט זיך גענומען ווי שוין אָנ־געוויזען פון דעם וואָס דאָס רוב אוקראַינישע קאָזאַקען און פויערים צוזאמען מיט די דעמאקראטישע אָרגאַני־זאציעס און קלייזלעך זיינען צוגעשטאַנען צום איהם, און זיך אָפּגערופען אויף זיין „קול קורא" צו ראַטעווען די „אוקראַינישע רעפּובליק" פון די רעאקציאָנערען און פערהאסטע באָלשעוויקעס. ער האָט דאַן באוויזען צו באַזיגען פּאוולא סקורופאדסקי, דעם „געטמאַן" וועמען דייטשלאַנד האָט צוליעב פּאָליטישע מלחמה אויסרע־כענונג — געהאָלפען אין זיין מאכט, איבער דער צייט־ווייליג אומאָפּהייננגיגער אוקראַינישער רעאקציאָנערער רעפּובליק.

נאָכהער ווען דאָס סאָוועטישע מיליטער האָט אין 1920 געהאַט איהר לעצטען און אנטשידענעם זיג, איבער אלע הערשער און באַנדעס פון אוקראַינע אריינרעכענדיג פעטלורא׳ן, האָט דער לעצטער אין א אפיציעלען דעקרעט זיך אונטערגעגעבען, און איז אליין — ווי עס איז געווען צו ערוואַרטען פון אזא פאָלק׳ס שונא — אנטלאָפען אי־בערלאָזענדיג זיינע טרייע אונטערטאַנען צו אָפּעטיט פון די באָלשעוויקעס. דאָס סאָוועטישע רשעות האָט זיך צע־הוליעט, די סאָוועטישע ביטערקייט האָט צופיהרט איהרע נקמה הענד, און אך ווי ביטער די פעטלורא׳צעס איז אָנ־געקומען צו נעהמען א דאָפּעלטע דאָזע פון זייער אייגע־נעם פאַבריצירטען מעדיצין.

סימיאָן פעטלורא איז נאָכדעם אָנגעטאָהן אין די קליידער פון א פויערטע אריבער די פוילישע גרעניץ, און פון דאָרט קיין פּאַריז.

מיטוואָך, דעם 26טען מאַי, 1926, אויפ׳ן סאַנט מישעל בולוואַרד אין פאַריז, האָט שלום שוואַרצבארד נקמה גענו מען פון מאַסען מערדער דערשיסענדיג איהם אין גאַס בעת א שפּאַציר מיט זיין פרוי. ה׳ שוואַרצבאַרד איז פּראָצע־סירט און נאָכדעם בעפרייט געוואָרען פון זיין נקמה אקט.

מיט דעם שאָס, האָט זיך געענדיגט די בלוטיגע קאַריערע פון מענשען פרעסער נומער איינס. זיין נאָמען וועט נאָך אָבער פאַר דורות באגלייט ווערען מיט קללות, און וועט אייביג דערמאָנען אין דער אידישער אינקווי־זיציע פון 1918-19-20!

דעם צווייטען טאָג חוהמ"ד פסח, 1919, איז די באָל־שעוויקעס געלונגען אין זייער קאמף מיט די פעטלורא׳צעס און זיינען אפיציעל ארויס די זיגער. למען האמת, מוז אנפאנג׳ס געזאגט ווערן דאָס אין פארגלייך מיט׳ן מער־דער סאדיסט פעטלורא זיינען זיי געווען ערדישע מלאכים — אָבער, אָבער, (און דאָרטען וואו עס געפינט זיך אַ כפל׳דיגער „אָבער" — איז נאָך ערגער מצרת ויהי...). אויך אויף זייער חשבון קען צוגעשריבען ווערען א שעהן ביסעל מאָרדען... רויבערייען און אנדערע מעשים וואָס פאסען זיך ניט אין די ראהמען פון סאצ־יאלער גערעכטיגקייט! נאָר לאָמיר געהן כסדר:

ערב די צווייטע טעג פסח האָבען זיך קליינע גרופּעס באָלשעוויקעס צושפרייט אין די אידישע גאַסען, זיך דורכגעשלאָגען א וועג צו די טירען מיט די מזוזות — וואָס האָבען געשיינט מיט׳ן נאָמען פון אונזער באשיצער „שדי"! און פראָסט און פשוט „ראַבירט" (אויף דער איי־דעלער שפּראַך הייסט דאָס אביסק) מיט׳ן אויסרייד „ניט ערלויבט קיין פּריוואטע פארמעגענ׳ס"! דאָס באלאנגט צו דער מאַכט, פיגורירסטו אלס „בורזשוי" איז דיין גורל א פארזיגעלטער, אין די קאלטע טורמעס פון „סיביר" וועט דיין איינזאמע נשמה דיר פארלאזען! אלעס וואָס דו באזיצט פון דעם קדוש בעכער ביז׳ן קידושין רינגעל באלאנגט צו דער ברודערליכער מלוכה.

אורטהיילענדיג נאָך דער אינפאָרמאציע וואָס איז

ארייננעפאלען צו די ראשי הקהלה, זיינען די רויבער אין סאָלדאטסקען אוניפארם ניט באאויפטראגט געווארען פון די העכערע בעאמטע צו אזא סארט מיסיע. דאס האבען זיי געטאָהן אויף זייער אייגענע אחריות מיט דער צושטימונג פון די קלענערע בעאמטע וואס האבען באמת אונטערגעגראבען די סאָוועטען מאכט. פאראנטוואָרטליך פאר זייערע שדים מעשים איז אבער פארט געווען די הויפט רעגירונג וועלכע זיי פארטרעטען — און זוכען צו שיצען דורך אזעלכע טאטען! די יעניגע וואס האבען ארויסגעצייגט א ווידערשטאנד און זיך ניט געלאזט בע־רויבען, זיינען פערפייניגט געוואָרען צום טויט מיט'ן בעקאנטען תרוץ — אז זיי שטעהען אין געהיימער פאר־בינדונג מיט די פעטלורא'צעס.

אין אנדערע פאלען האט פאסירט ווי ביי איינעם פון די נכבדים ר' שמשון פינקעל. עלף (11) ביינאכט זיינען אריין צו איהם אין הויז א גרופע שכור'ע באלשעוויקעס באשטעהענדיג פון צוויי העכערע בעאמטע און 5 פשוט'ע סאָלדאטען. אין הויז איז געוואָרען א מהומה, די בני בית האבען זיך באמיהט ארויסצוצייגען די נויטיגע גאסט־פריינדליכקייט — אונטער די אומשטענדען — דערלאנ־גענדיג שטוהלען צו יעדען פון זיי. ווי אויך „וואָדקא" (בראנפען). אויף א שמוציגע אָנצוהערעניש פון איינעם פון די געסט האט זיך דער פאטער ר' שמשון געכאפט אז מ'דארף דעם שעהנעם געשלעכט פארשטופען אין די

דושנע נאַרעס... גליקליכערווייז איז דאָס אוועק גלאַטיג, זיי האָבען טאַקע אין זייער שכור׳ען צושטאַנד ניט פאַר־געסען דאָס — ביסעל צירונג — אָבער א דאַנק און לויב ג־ט פאַר דעם חסד! מיט דעם האָט זיך אָבער דער אינ־צידענט ניט געענדיגט. אויף מאָרגען האָבען זיך הפנים די בעאַמטע פון העכערען ראַנג געכאַפט אַז זייער נאַכט וואַנדלען קאָן זיי טייער קאָסטען, אויב זיי וועלען ניט נעמען שריט צו פערמאַכען דאָס מויל פון שמשון פינקעל, ער וועט אָהן ספק צושטעלען א קלאַגע צום קאָמענדאַנט אַנגעבענדיג דערביי די נעמען פון זיינע באַזוכער — און מעהר וועט זיי שוין ניט פעהלען... האָבען זיי טאַקע אָפגעשטאַט א צווייטען באַזוך ביי דעם חשוב׳ען בעל הבית, דאָס מאָהל מיט׳ן אויסרייד „דאָ־ראָבאָטאָ" צו דער אַרבייט... אוועקגעפיהרט האָבען זיי זייער קאַנדידאַט אויף יענער וועלט ביי די טויערען פון אידישען בית עולם!

דאָ איז ניט נויטיג קיין מליצות אָדער גאָר אור אלטע קינות צו כאַראַקטעריזירען דעם אמת׳ן פּרצוף פון די פאַלשע וועלט׳ס ערלעהזער! דאָ פאָדערט זיך ניט מעהר ווי אויפריכטיגקייט, טרייהייט צו די אמת׳ע פאַקטען וואָס פערדאַמען די באַרבאַרישע משיחים — און רופען צו נקמה! זיינען אָט די פאַרשאַלטענע ערי מקלט אויף אן אמת פאַרשלאָסען פאַר׳ן וועלט׳ס טריבונאַל? קאָן די וועלט מיט א ריינעם געוויסען פאַרשיטען טייכען בלוט, אָרים אידיש בלוט! אונזער פעסטער גלויבען געהט איבער

פון מענש צו דער הימעלשער גערעכטיגקייט — ער וואס האט אין א מאמענט פון צארן פארלאזען זיין אויסדער־וועהלט פאלק וועט נקמה נעמען פון די הינטישע רוצחים!

* * *

די אידישע געשיכטע איז רייך אין אידען פרעסערשע שונאים וואס פאדערן ניט קיין לייגנערע היסטארישע ערקלערונגען — אום מ'זאל וויסען זייער בעדייטונג אין פארבינדונג מיט זייערע טהאטען. די נעמען טארקוועמאדא, כעמעלניצקי, זיינען גענוג אויפצושוידערען — ניט לעהזענדיג וועגען זייערע שוידערליכע מעשים! אט אין דער קאטעגאריע געהען אריין די פאוסטאנציעס, אויך בעקאנט אלס די „ווייסע".

דינסטאג פ' בלק 1919, יא, ביום שנכפל בו „כי טוב" דער זעלבער טאג וואס איז אזוי באוואונדערט געווארען פון אונזער באשעפער, דער טאג פון דאפעלטען „טוב", דער אזוי געלונגענער טאג פון בריאת העולם — דער־צעהלט אונז דער מאנוסקריפט — איז פארשאלטען גע־ווארען פון טויזענדער! די ווייסע משחיתים האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער „אכזריות" — אין פולען זין פון ווארט. יונקי שדים שלא חטאו ולא פשעו, קינדער און מוטער'ס, טאטעס און זיידעס זיינען פארצוקט גע־ווארען פון די חיות וועמעס ארט איז אין די געדיכטע וועלדער וואו זיי וואלטען אומגעשטערט געקאנט טאנצען זייער שדים טאנץ מיט זייער גלייכען! זיי האבען זיך ניט באנוגענט מיט טויטען דעם קרבן אויף א געוויינליכען

אופן ... ס'איז געווען ביי זיי א מין „בלוט קארניבאל"!
פריהער אָפגעשניטען די אויערן פון דעם אומגליקליכען,
נאָכדעם די פינגער א. אז. וו. און בעת'ן בלוטיגען ספעק-
טאקעל געהוליעט... געזשלאקעט „וואָדקא"... געגאָ-
סען וואָדקאָ אויף די אָפענע וואונדען פון צאַפּעלדיגען
פאנג... וואָדקא... וואָדקא... א ים פון בלוט — גע-
מישט מיט וואָדקא... זייערע אויגען האָבען געפינקעלט
מיט רעליגיעזען עקסטאז... געברענט... געשפריצט
מיט פייער פון פאנאטישע בארבארען — וועלכע זיינען
מקריב קרבנות פון מענשען פלייש צו די געטער פון די
שדים! אויך די הונגעריגע הינט און חזרים האָבען הנאה
געהאט. שטונדען לאנג האָט מען געקענט הערען זייער
גריז-זשען די ביינער פון די קדושים... יצאו נשמתם
„באחד"... די מאָדערנע רבי עקיבה'ם זיינען פארגעסע-
נע פריהצייטיג פארוואנדעלט געוואָרען אין שטויב און
ווערים — פון גלגל החוזר!...

גיווען איז ביי אונז אין שטאָט א בן ציון קאזאס-
מאן, וועמעס פארמעגען האָט געצעהלט איין ליעבלינג —
א „בן יחיד", טאטע און זוהן זיינען אפילו ניט געקומען
צו קבר ישראל. ערגעץ לעבען טייך „סלוטש" האָבען
בעמעלניצקי'ם יורשים מקבר געווען אותו ואת בנו...
עדות האָבען דערצעהלט דאָס אונטער א האָגעל פון פיי-
ערדיגע קלעפ האָבען זיי געגראָבען א טיעפע אָבער זייער
שמאָלע גרוב... די קולות פון פאָטער און זוהן זיינען
איינגעשטיהלט געוואָרען דורך די לעצטע לאפעטעס ערד

אויף זייער חמורים קבר! מעהר איינצעלהייטען פון דער טראַגעדיע זיינען צו אונז ניט דערגאַנגען. איינער בלייבט, ניט פון מן אנושי, וואָס ווייסט געגוי דעם גורל פון די צוויי... דער איינער איז א שתקן און א סבלן, א צו גרוי־סער סבלן — אויף אונזער חשבון!

יעדער טאָג האָט זיך זיין מזל אין דעם אינזיכט פון ברוטאליטעט האָט זיך אָבער דער ערב שבת פ׳ בלק, ניט אונטערשיידט פון אנדערע וואכעדיגע טעג צו וועל־כע מיר זיינען שוין אזוי געוואוינט געוואָרען. ניינצען (19) אידען, דריי פון זיי פרויען, זיינען געבראכט גע־וואָרען צו קבורה, אין איין ברודערליכען קבר ... צוויי פון זיי איינגאנצען אָהן קעפּ... טראגישען צווייפעל האָ־בען ארויסגעצייגט זייערע קרובים — וועלכע האָבען זיי דערקענט דורך פארשיידענע סימנים, אָבער דאָך ניט געווען זיכער צו זיי באקלאגען דאָ אייגענע אָדער פון א אַנדער משפחה. אין אמת׳ן איז אונז קיין אונטערשייד צו דער אומגעקומענער איז א זוהן פון אונזער משפחה צו פון אונזער פאָלק — אונזערע טרעהרען וועלען איהם במילא באגלייטען צו זיין אייביגער רוה — האָט א צו־בראכענער זקן געקרעכצט — על שבר בת עמו!

א יונגער שגץ, איינער פון זייער מחנה, האָט זיך באריהמט — אז איהם אליין איז געלונגען אין א קורצער צייט צו בארויבען און טויטען אזעלכע פופצען „זשי־דעם״... איז ער ניט קיין העלד? אזעלכע העלדען זיינען ליידער געווען אין די הונדערטער!

א פארביטערטער קאמף איז אנגעגאנגען צווישען די צוויי מערדער באנדעס, די „סאָוועטישע" און די „ווייסע". די סאָוועטען מאכט האָט זיך במשך עטליכע טעג באצויגען גלייכגילטיג צום ווייסען מיליטער וואָס איז אַלץ טיעפער אריינגעדרונגען אין די פרוכטבארע געגענדען פון אוקראינא. ערשט נאָכדעם ווען מעהר ווי א העלפט פון דער אוקראינער טעריטאָריע איז אריינגעפאַלען צו די ווייסע האָט זיך פון דאָס נײַ צופלאקערט דער קאמף. די סאוועטישע אפאזיציע איז אבער געווען צו שוואַך אין יענע געגענדען. אום צו זיין ערפאלגרייך אין זייער אטאקע אויפ'ן שונא — האָט זיך געפאָדערט בעדייטענדע כחות... עס וואָלט גענומען וואָכען ביז הילף וואָלט זיי געקאנט גרייכען ווארום גראָד אין יענע טעג האָט די סאָוועטען רעגירונג קאָנצענטרירט איהרע אַרמייען ביי אנדערע גרענעצען. אזוי ארוהם איז די פאָוסטאנציעס געלונגען אין זייער מלחמה מיט די בעגאבטע זעלנער פון דריטען אינטערנאציאנאל! די וועלט האָט דאן געקלונגען מיט דער שווערער נידערלאגע פון די „רויטע"...

די לאגע פון דער סאוועט רעגירונג איז געהאנגען אויף א וואגשאָל. זייער שיקזאל איז געווען פארבונדען מיט א זיגרייכע קאנטער־אטאקע... די „ווייסע" האָבען זיך אָבער אויך ניט פארלאזען אויף קיין נסים. זיי האָבען גאנץ גוט געוואוסט וואָס עס שטעהט זיי פאהר אין פאַחל פון א מפלה. זייער לעצטער זיעג איבער'ן שונא האָט זיי געגעבען די נויטיגע מוטה און קוראזש פארטצוזעצען



אַ בלוטיגע פּאָגראָם סצענע
געצייכענט פון א. י. קראַוופענקאָ

זייער קאמף. האָט זיך טאקע אנטוויקעלט א מלחמה אין וועלכע די קאַנאַנען האָבען קיין תעניתים ניט געפאַסט... געליארעמט מרא׳שחורה׳דיג... און די טריפה פלייש פון די געגנערשע מערדער האָט זיך געבראָטען... זיי האָבען געראָוועט ווילד — ווי פאגליגנע... שוואכלינגע... פונקט ווי גוסס׳דיגע אָקסען נאָכ׳ן קוילענען!...

אינצווישען האָבען די אידען אמערסטען געליהטען פון דעם ביטער׳ן און פינסטערען גורל. ווארום יעדע פון די קעמפענדע צדדים האָט חושד געווען דעם היימלאָזען אידען אין פריינדשאפט מיט׳ן שונא... זייער סלאקום, „דער איד איז פאררעטעריש", איז געווען גענוג מ׳זאָל איהם שיקען צו זיין עלטער זיידען! עס האָט ניט געהאָלפען מעהר דער בוידעם אדער קעלער, וואו די צושראָקענע פלעגען זיך איבערפעקלען אין א מאָמענט פון סכנה... אך, ווען די נאסע צעמענטענע ווענט פון די גריבער צו די הילצערנע שטוכעטען פון בוידעם וואָלטען געקענט ריידען — וויפיעל הארצרייסענדע טראגעדיעס וואָלטען פארצייכענט געוואָרען! דער שטענדיגער טיק-טאַק פון די הערצער, די שטארטשע גלאנציגע אויגען, דער איינגעהאלטענער אָטעם... די לעצטע מינוטען פון מענשליכען לעבען! און דער ביטערער מלאך המות לאכט ציניש; מה לי הכא ומה לי התם, וואָס איז מיר דער חילוק — דו ערד מענש — וואו איך וועל דיין נשמה נעמען, צו אין דער הויך, צו אין דער נידער, צו אין דער

ליכט צו אין דער פינסטער, צו אין שטאָהל צו אין פעלד, נעמען וועל איז זי... און ער האלט וואָרט!

* * *

די זיגרייכע באָלשעוויקעס איז ווייזט אויס ניט באַשערט געווען קיין נחת אונטער זייער נייער רעוואָלוציאָנערער פאָהן... זיי איז נעבאך אויסגעקומען צו ליידען פון יעדע באַנדע... און קיין שונאים באַנדעס האָט זיי ברוך השם ניט געפעהלט. זייערע גוטע מעשים האָבען פאַר זיי איינגעהאַנדעלט א שעהן בינטעל צרות!

נאָכדעם ווי די לעצטע האָבען צוריק איינגעשטעלט אָרדענונג — לויט זייערע פריהערדיגע פאָזיציעס, האָבען די פויערים פון די ארומיגע דערפער געלאָזט הערען פון זיך. איבערהויפט האָבען זיי זיך געבונטעוועט געגען די הויכע שטייערען, געגען דעם נייעם רעגירונג׳ס פראָגראַם וואָס באַצוועקט אָוועקצונעהמען יעדע רעכט און פריוויליגיע פון פרייע האנדעל א. ד. גל. פון פרידליכער פארשטענדניש האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין, די סיטואַציע איז ניט געווען קיין גינסטיגע. די אלגעמיינע שוואַכע פאָזיציע אין וועלכע די סאָוויעט מאַכט האָט זיך דאַן געפונען אין אוקראַינער געגענדען האָט זיי אפילו ניט ערלויבט צו קיין פעסטער שטעלונג געגען די פויערים — סיידען אין נויטפאַהל. די רויטע מאַכט האָט זיך אָבער מיט דעם פאַקט קנאַפ וואָס גערעכענט.

אין דער צייט פון אינערליכע חשבונות אין די קאַנצעלאַריעס פון דער סאָוועט רעגירונג איז נאָוואגראַד־

וואָלינסק און ארומיגע שטעטלאך און דערפער באלאגערט געוואָרן פון טויזענטער שכנה'שע פויערים. די רויטע אר־מיי זייענדיג ארומגערינגעלט פון אלע זייטען האָט קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי עוואקואירען יענע געגענד. דורכ'ן טייך סלוטש האָט זיך געצויגען די צושלאָגענע ארמיי לאָזענדיג אונטער זיך א בעדייטענדע צאָהל טוי־טע. קיין צו גרויסער קלאָפּ פאר די רויטע איז דאָס אפילו ניט געווען, ווארום — גליקליכערווייזע זיינען די פויערים ניט געווען אמביציעז, זיי האָבען זיך באנוגענט מיט דער איינציגער שטאָט — נאָוואגראד־וואָלינסק און געצעהלטע דערפער. — און ווי אומוויסענדע פויערים פארשטאנען אז מיט דעם ענדיגט זיך זייער ציל... קיין באזונדער נאָמען פאר זייער שטאָט רעגירונג האָבען זיי ניט געהאט, אָנ־פאנגס, האָבען זיי זיך גאָר געפונען אין גרויס פארלעגענ־הייט ניט וויסענדיג ווי איינצושטעלען א רעגירונג. זיי האָבען אָבער נאָכגעפאָלגט דעם ביישפיעל פון די באָל־שעוויקעס און באשטימט א „קאָמענדאנט" — אויף ווע־מען זיי האָבען זיך פארלאָזען אין אלע ענינים — איינ־שליסענדיג די אידישע פראגע.

עס איז ממש ניט צו באגרייפען ווי אליין געווע־זענע אונטערדריקטע האָבען זיי געפּרעדיגט אומטאָלע־ראנץ, געפּלינדערט אידיש האָב און גוטס. ברוטאל גע־שלאָגען יעדען אידען וואָס האָט זיך באוויזען אין גאַס, און צולעצט אויך מקריב געווען קרבנות צו ג־ט פון אנ־טיסעמיטיזם!...

אַט איז איינע פון די טראַגעדיעס פון וועלכע די דערמאָנטע פויערים זיינען די מחברים:

מרים די אלמנה האָט זי געהייסען די אומגליקליכע אויף וועמען ג־ט׳ס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסען. מיר האָבען אלע געליהטען, אלע צוגעשטעלט קרבנות צו ישראל׳ס מערדער, אנדערש פון אלע איז אָבער געווען מרים׳ס אומגליק, וואָס זאָג איך אומגליק, אומגליקען! עס דערמאָנט אונז אין דער היסטאָרישער חנה ושבעה בניה. יאָ — זיבען, זיבען קינדער זיינען זיי געווען. מאָנטאָג האָט זיך מרים געזעצט שבעה נאָך איהר צווייטען זוהן נחמן, אַ וואָך שפּעטער — זונטאָג פריה, איז זי אויפגעשטאַנען. די זוהן האָט זיך נאָך ניט געזעצט ווען מ׳האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, אַ געבּויגענע אידענע האָט געעפענט די טיר. איז דאָס אייער טאָכטער? מרים האָט אַ קוק געגעבען אויף דער פארבּלוטיגטער רייזלען וועמען צוויי מענער האָבען אונטערגעהאלטען און ארויסגעמורמעלט אַ בּרוגז׳ע — טראָגט איהר אריין... דער דאָקטאָר איז געקומען און האָט מיט שטילען טרויער צוגעגעבען — שוין טויט זייט אַ האלבּע שעה!... האָט מרים אויסגעבּראָכען אין אַ יאָמער? האָט מרים זיך געריסען די האָר פון קאָפּ ווי עס פּאסירט אין אזא פאהל? ניין, זי האָט געשוויגען... צאָרענדיג געשוויגען... מיט דעם האָט זיך אָבער מרים׳ס טראגעדיע ניט געענדיגט, דאָס איז געווען דינסטאג עלף בּיינאַכט, איז זי געזעסען אויפ׳ן סימבּאליש טויטען שבעה קעסטעלע ארוהמגערינגעלט

פון איהרע קליינע קינדער — ווען א גרופע בויאנעס האָ־בען צושמעטערט די טיר, פאַגראַמירט דאָס ביסעלע אָרימ־קייט, און דאן א שיסעריי... די הויז איז אָנגעפיהלט געוואָרען מיט שטיקענדען רויך פון פייער שפייענדע רעוואָלווערען... האָט מרים פרובירט שיצען איהרע קינדער פון קוילען האָגעל?... דערצעהלט א עדות צו דער טראגעדיע — ווען דאָס בלוט פון איהרע עופה־לאך האָט געפארבט איהרע זאָקען אויף רויט איז זי געזעסען אויפ׳ן קעסטעלע מיט די אויגען צו דער ערד און שטום — געשוויגען... די מאמע שווייגט ווען דאָס הייסע בלוט פון איהרע קינדער בריהט איהרע פיס... די מאמע שווייגט ווען איהר קליינער גוסס׳דיגער נחמיה בעט וואסער... די מאמע שווייגט!

מרים די אלמנה איז שוין פון איהר מלאך המות קעסטעלע ניט אויפגעשטאַנען... איידער זי האָט אוימ־געהויכט איהר לעצטען אטעם האָט זי נאָך באוויזען מיט איהם גאנצער פארביטערטער הארץ אויסצושרייען — גרויזאמער ג־ט!

* * *

די צושלאָגענע פאוסטאנציעס וועלכע מיר האָבען שיער ניט פארגעסען מיט דער הילף פון אונזערע נייע אונטערדריקער — די נאמענלאזע פויערים רעגירונג — האָבען דערפרישט אונזער זכרון מיט זייער ראָלע אין דעם פויערים אויפשטאַנד. גאנץ אונערווארטעט איז צו אונז דערגאנגען דער פאקט — ווען אָן אָרגאניזירטער

ווייטער באַנדע — וואָס איז געשטאַנען גרייט אונטער די פויערים. פאַרשטענדליך אַז מיט'ן זיג פון די לעצטע זיינען די „ווייסע" געוואָרען מיוחסים, ממש די הויפּט מחותנים אין דער נייער שטאַט פערוואַלטונג. עס איז דאַרום געווען צודערוואַרטען חוץ די כמעט געוויינליכע פּאָגראָמען — אויך פּאָליטישע אַרבייט. זייער פּאָליטישע אַרבייט איז בעשטאַנען אין זוכען צוויי הויפּט שפּיאָנען וועמען זיי האָבען געהאַלטען פאַראַנטוואָרטליך פאַר זייער מפּלה אין שלאַכט מיט די רויטע. איינער פון די צוויי איז געווען אַ אידישער בחור מענדיל צירקעל בעקאַנט אַלס „קאַטאַי באַבאַ" וועמען די גאַנצע אידישע געמיינדע האָט פאַרשאָלטען בעת זיין עהרענהאַפטער דינסט אין דער רויטער אַרמיי. כמעט אַלע זיינען געווען זיכער אַז דער אידישער פאַרשוין איז ערגעץ וואו מיט דער באָלשעוויסטישער אַרמיי דאָך האָבען די „ווייסע" ניט אויפגעגעבען זייער האָפענונג איהם צו געפינען אין שטאָט — דערצו נאָך אין די אידישע רייען.

אויפ'ן דריטען טאָג פון זייער זיעג זיינען די ווייסע געקומען אויף שפּורען וואָס האָבען געפיהרט צום אַרעסט פון מענדיל צירקעל, זייער נקמה בעכער איז פאַרפוהלט געוואָרען מיט דעם געשמידטען אין קייטען־אַרעסטאַנט, עס איז נאָר געווען אַ פראַגע פון שעה'ן ווען דער שפּיאָן וועט באַצאָהלען פאַר זיין פאַרברעכען... ווי עס האָט זיך אָבער נאָכדעם אַרויסגעוויזען זיינען די אייזערנע קייטען, פאַרשלאָסענע טיהרען, און באַוואָפענטע וואַך

ניט געווען איבעריגס גלענצענד אין דורכפיהרען זייער אויפגאבע... ווי פון אונטער די הענט איז ער אנטרונען געוואָרען... דער געשריי אז די אידעלאך האָבען איהם דורך כשוף ארויסגעשמוגעלט האָט זיך געהערט איבער־אַל... אויף אזוי ווייט האָבען זיי ארויסגעוויזען זייער איבערצייגונג אין דער באשולדיגונג — אז שריט איז גענומען געוואָרען אין דער ריכטונג „פלאקאטען" מיט א ווארנונג צו דער אידישער באפעלקערונג — „אויב קא־טאי באבא" וועט ניט צוגעשטעלט ווערען צו דער מאַכט 12 מיטאָג דעם זעלבען טאָג וועלען אלע אידען וואָס גע־פינען זיך אין טורמע אויסגעשלאָכטעט ווערען, זייער טייוועלשער פלאַן איז געגייגנגען אויף אזוי ווייט ווי צו סטראשען אלע אידען אויף דער פריי מיט'ן טויט — אין פאַל „קאטאי באבא" זאָל זיך אינגאַנצען ניט אָפזוכען... אויף די מעהרסטע ווענט פון די בתי כנסיות ובתי מדרשות האָט מען געקאנט לייענען די גוטע בשורות... זיי האָבען זיך געוואָרפען פאר די אויגען פון יעדען אין גאַס...

קיין אידישע נשמה איז אבער ניט צו שאַצען! הע־רענדיג פון דעם סוף וואָס עס שטעהט פאַר זיינע ברידער האָט זיך דער יונגער מענדעל צירקעל ז"ל פרייוויליג אי־בערגעגעבען צו דער מאַכט... זיין לעצטער אקט ווישט אָפּ אלע זיינע מעשים רעים — די רעזולטאהטען פון זיין טרייהייט צו דער קאמוניסטישער תורה! ווי עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזען איז זיין זעלבסט אָפּפערונג אינ־

גאנציען צופרידענשטעלענד פאר דער מאכט ניט געוועז... דערפאר זיינען זיי געפאלען אויף דער קאניבאלישער המצאה — אויפצופאדערן מיין אלטען זיידען הצדיק והקדוש ר׳ מיכעלע זצ״ל צו שיסען דעם קרבן... נאָך פיעל בקשות און תחנונים זיינען זיי איינגעגייגגען אויף אַ פשרה אז דער זיידע צוזאמען מיט די ראשי הקהלה זאָלן נאָר באוואוינען דעם מאָרד. אלס ווארנונג צו אנ־דערע... דערצעהלט אונז דער „מאַנוסקריפט״ — אז אין יענע מינוטען האָט זיך די זוהן בעהאלטען אין גע־דיכטע וואָלקענ׳ס — זאָלן די מערדער טאַפּען אין דער פינסטער מיט די כמאַרעס איבער זייערע קעפּ... אפשר וועט דער געדיכטער פינסטערניש געלינגען אין איהרע גוטע כוונות... אָבער אומזיסט... אויף די טרעפּ פון דער גרויסער שוהל איז זיין קערפּער א שווערער געפּאַ־לען... די הימלען האָבן געעפענט פ־י־י־ע־ר... די בליי־צען זיינען באגלייט געוואָרען פון א שטאַרקען רעגען וואָס האָט אָפּגעוואַשט אלע שפּורען פון מאָרד...

די גאַנצע פויערים רעוואָלוציע איז געווען ניט מעהר ווי אַ לעכערליכער שפּיעל אין די אויגען פון דער לאָקאַ־לער סאָוועטישער אַרמיי. נאָך צוויי וואָכען גלות איז זיי אָנגעקומען זעהר לייכט אונטערצודריקען דעם "שלים־מזל־דיגען אויפשטאַנד. קיין באַזונדערע מיליטערישע פעהיגקייטען איז באמת ניט נויטיג געווען אין דעם פאַל, אַ קליינע דיסציפּלינירטע אַרמיי מיט מאָדערנע וואפען האָט דעם קונץ געקענט בעוויזען אָדער לכתחלה גאָר־ניט דערלאָזען אַז די ממשלה זאָל אריינפאַלען אין די הענט פון מ'שטיינס געזאָגט רעבעלען... דאָך איז איך זייער אַקאַפּירען די שטאָדט געלעגען עפּעס הערואישעס. געלייגט שלאָפען האָבען מיר זיך אונטער'ן צאַר'ס פאָהן (די פויערים האָבען גענוצט דעם צאַר'ס פאָהן) און אויפ־געשטאַנען זיינען מיר אונטער אַ רויטען פאַס לינען וואָס האָט געפלאַטערט איבער דער אָפיציעלער רעגירונג'ס געביידע... אפילו פאַר די נאַכט וואנדלער איז דאָס געווען נייעס...

מיר מוזען אָבער מודה זיין — אַז ביי אונז פאַר־נעהמט זייער געניאַלער קריג אַ גאַנץ קליינעם פלאַץ. פון גרעסערן אינטערעס זיינען די בענייטע גזרות און הריגות אויף די געבויגענע קעפּ פון דער שוצלאָזער אידישער באַ־פעלקערונג.

הפנים אַז אפילו דער גלות האָט ניט געביטען זייער שטעלונג צום „אידען". פאַרקעהרט, נאָך מיט מעהר

אַכזריות האָבען זיי בעגייט זייערע מעשים... גזלות, רציחות, אָביסקעס, קאָנטריבוציעס, און הריגות... דער איינציגער אונטערשייד האָט זיך געלאָזט מערקען אין דעם וואָס פריהער איז געווען וואָס צו ראָבעווען, פריהער זיינען געווען געזונטע קאַנדידאַטען פאַר זייער צוועק... און יעצט וואָס?! יאָ, נאָך איין קליינער אונטערשייד, די גאַנצע צייט זיינען מיר געווען אונטער'ן איינדרוק אַז נאָר די קלענערע בעאַמטע פון דריטען אינטערנאַציאָ-נאַל זיינען אונזערע פייניגער אָהן דעם וויסען פון די העכערע מלוכה-לייט... יעצט אָבער איז אונז קלאָהר געוואָרען די גאַנצע סיסטעמע פון די לעצטע! זייער גיפט האָט גאָר קיין גלייכען! אַלע בלוט-סמנים האָבען געפיהרט צום שורש... צו די האָכגעשטעלטע בעאַמטע פון קאַרל מארקס-גן-עדן!

דאָס ערשטע איז געווען אַ בריעף פון קאָמענדאַנט צו די ראשי הקהלה מיט פאָלגענדען אינהאַלט: „מיר געבען אייך פיער און צוואַנציג שעה — אין דער צייט מוזט איהר צושטעלען צו דער רעגירונג דריי מאָהל הונדערט טויזענד רובעל, 6 הונדערט פאַר שיך, א. אז. וו. אויב דאָס וועט ניט געטאָהן ווערען פינקטליך וועלען מיר אייך האַלטען פאַראַנטוואָרטליך"... כך הוה! אויף דער פינף און צוואַנציגסטער שעה האָט מען שוין די ראשי הקהלה געפיהרט איבער די גאַסען בּאָרוועסע מיט די הענט געבונדען אויף אונטען... נאָר איין ג-ט אין הימעל האָט געקענט ראַטעווען זייערע פרויען און קינ-

דער פון אייביגען לאַסט... פון היימלאָזען לעבען צו וועלכע אלמנות און יתומים זיינען פאַר'משפט!

דאָס מאָהל האָט פאַר'ן כסא הכבוד ווייזט אוים ארגומענטירט דער ליבלינג אדוואָקאַט „רחמים"... און איהם איז געלונגען! ער האָט אַנגעוויזען אויף די ימים טרעהרען וואו עם שפּיגעלט זיך אָפּ שחיטת־עמך! מיט דער הילף פון „משפט צדק" איז ער בעשטאַנען אויף זיין רעכט — אַטאַקירענדיג דערביי דאָס גלייכגילטיג־קייט פון די ריכטער!

זעהט! האָט ער געשטורעמט, קוקט אריין אינוויי־ניג... זעהט דעם מלאך המות ביי זיין ארבייט! אַ אימה'דיגע שטילקייט האָט געהערשט ווען די זודיגע טרעהרען האָבען גערעדט פאַר'ן איינגעהויקערטען „ישראל'ן", איך בין דאָס „ישראל", דער זוהן פון כביכול... איך בין דאָס אויסדערוועהלטע פאָלק... איך בין דאָס דער ילד שעשועים וועמעס פלייש עס ווערט גע־בראָטען אויף אַלע פייערען... איך בין דער בן יקיר וועמעס בלוט עס שטילט דעם דורשט פון דער ערד... איך בין דער בן יחיד וועמעס ביינער עס שפּיי־זען הינט און חזרים... אך עד מתי? ביז ווי לאַנג? גדול עוני מנשוא!...

אמת, זייט יאָהרען אז איך האָב זיך אָפּגעקעהרט פון מיין פאָטער... פאַרלאָזען זיינע געצעלטען... פאַרגע־סען אין זיינע געבאָטען... געדינט פרעמדע געטער... צושטויסען די מאָראל — דאָס ליכט פון טראַדיציאָנעלער

ירושה... אבער, האט זיך דען מיין שטראף ניט גע־גרעניצט מיט מיין לאנגען גלות לעבען? מיט׳ן טראגען דעם יאך פון פעלקער? ביז ווי לאנג נאך וועל איך מוזען זיצען שבעה נאך מיינע זיהן און טעכטער?... ביז ווי לאנג נאך וועל איך געהן אין שווארצען?... ביז ווי לאנג וועט מען אויף מיר טייטלען מיט די פינגער?... עד מתי עזך בשבי ותפארתך ביד צר?... איך האב דאך שוין אזוי פיל געליטען, וויפיעל נאך, ג־ט?!

אויב אונזער זכרון נארט אונז ניט איז דאס פאקטיש דער איינציגער פאל וואו גערעכטיגקייט האט טריאומ־פירט... פאר העכער א העלפט פון געפאדערטען הא־בען די פאר׳חושכ׳טע ראשי הקהלה געקויפט זייער פריי־הייט!

דער נביא האט שוין לאנג אויסגעשריען הרצחת גם ירשת? פריהער רציחה... און נאכדעם ירושה... די רויטע ווידער, זייענדיג די שארפסטע געגנער פון רעליגיע — אזוי אויך — פון דער ביבעל... האבען פראקטיצירט פארקעהרט... אנשטאט — האבען זיי פריהער געררויבט און נאכדעם געהארגעט!...

דערצעהלט אונז דער מאנוסקריפט — אז מיטוואך, פ׳ ראה, זיינען געצעהלטע מיטגלידער פון דער אפיציע־לער ארמיי אריין אין הויף פון ר׳ ליב קיפנים — וואו עס האבען זיך חוץ ר׳ ליב׳ן און זיין פרוי — אויך געפונען זייער שכן ר׳ פייוויל דאניק, און א צאהל אנדערע. איי־נער פון די געסט אויף וועמעס מגושמ׳דיגע צורה עס איז

געווען אויסגעגאָסען תאוה און מאָרד — האָט זיך גע־לאָזט אין דער ריכטונג פון ר׳ ליב׳ס פרוי — שוין אַ עלטערע אידענע. ער האָט איהר פאַרזיכערט אַז ער האָט צו איהר קיין יצר הרע... זיינע בייזע כונות האָט ער איבערגעלאָזען אונטער זיך, אַלס וואָס ער וויל איז — זי זאָל זיך לאָזען באַזוכען... מעגליך אַז אין איהרע קליי־דער האָט זי איינגענייט רייכטהום וואָס באַלאַנגט צו דער רעגירונג׳ס קאַסע. נו, אַ אַנדער ברירה האָט זי גע־האַט?... אין צוויי מינוט איז זי שוין געשטאַנען אַ נאַ־קעטע... פאַרשעהמט און באַליידיגט... מיט די הענט אַראָפּגעלאָזען... דאָס זעלבע איז געטאָהן געוואָרען צו די מענער — ביי וועמען זיי האָבען געפונען זעהר ווייניג. דוכט זיך גענוג?! הרכוש קח לך... נעהם דאָס ביסעלע אָרימקייט... אָבער — את הנפש תן לי... רויב ניט אונזערע נשמות וועלכע וועלען דיר קיינע נוצען ברייגען! זייער געבעט איז ניט געהערט געוואָרען, אויב אפילו יאָ, איז ער פאַרלוירען געגאַנגען אין דעם גערויש פון די מאַשין־ביקסען. אויפ׳ן וועג צוריק האָבען זיי זיך אָנגעשטויסען אין אַ פרומער שיקסע, אַ פריינדין פון די פרישע קרבנות — וועמעס אויפמערקזאַמקייט זיי האָבען געצויגען, די מערדער האָבען אויך איהר באַזוכט און געפונען אַ גאָלדענעם צלם צוזאַמען מיט פופצעהן הונדערט רובעל... די שיקסע איז נאָכדעם אַריין אין הויף — געצעהלט די נאַקעטע קערפּערס און דערביי

געבליפּעט — סאַ סוויאַטימי אופּאקאַי — גיב זיי רוה, צוזאַמען מיט די קדושים...

באַזונדער אויפמערקזאַמקייט ציהט די פאָלגענדע „חופּה לויה" וואָס דאָס „בהלה לעבען" האָט אויסגע־שפּיגען, אַ גרויל נעמט אַרום יעדעם מאָהל ווען דער אומגליק קומט אויפ'ן געדאַנק: זייט יאָהרען אַז הירש ליב פּאָווּעס און שולמית גליקליכמאַן האָבען געפּלאַנט צו ווערען מאַן און ווייב, און אימיגרירען פון גיהנום וואָס האַלט ביים פערוואַנדעלט ווערען אין אַ „בית הקברות" אויף דער גאַנצער לייגג פון שטאָדט... צו יעדער צייט אָבער — האָט דער טויט געשטערט די דורכפיהרונג פון הייליגען חתונה בונד... עס האָט אויסגעזעהן צו זיין אַ קאַמף פון אונטער־ערדישע משחיתים מיט זייערע העלישע כלי זין געגען געשטראָפטע חתן־כלה, אַ פאַרצווייפעלטער קאַמף צווישען אומגליק און גליק!...

אין די ערשטע צייטען פון די פּאָגראָמען איז ביי הירש ליב'ן די מוטער נעלם געוואָרען, וואָכען נאָכדעם האָט מען איהר קערפּער געפונען אַ צוהאַקטען אין זומפּ פון מיסט־גאָס... זיין פאָטער איז נאָך יאָהרען פאַר דעם געשטאָרבען פון טיפוס... געבליבען איז ער אַליין, אַ עלענדער, ווארום ער איז געווען אַ בן יחיד און קיין שוועסטער אָדער אַנדערע קרובים האָט ער אויך ניט געהאַט... ער איז אָבער געווען אַ בחור מיט אייזערנע נערווען, פון דער נאַטור געלאַסען, דערצו האָט ער פאַר־מאָגט אַ פעסטען כאַראַקטער. איז הירש ליב געווען

אַנטשלאָסען אויף גליק — וואָס דער פרייז זאָל ניט זיין...
תיכף נאָך שבעה איז ער בעשטאַנען אויף שטעלען
אַ חופּה, און נאָך דעם זעלבען טאָג איבערלאָזען אונטער
זיך די קללות פון באַשעפער... דעם פלאַמענדיגען תהום
וואָס האָט פאַרשלונגען די חללי בת עמו... אַלעם אונ־
טער זיך... דאָס נעכטיגע... אייערנעכטיגע... היס־
טאָרישע פערגאַנגענהייט פון טרויעריגען לעבען... ניט
מעהר קיין שלאָפלאָזע נעכט... ניט מעהר וועלען מיר
טרינקען אונזערע טרעהרען... ניט מעהר וועלען אונזע־
רע לייבער טראָגען סמנים פון אינקוויזיציע... ניט מעהר
וועלען מיר הערען דאָס כאַכלען פון די גוסס׳דיגע... ניט
מעהר וועלען מיר שפּאַנען אין קאַלוזשעס בלוט... ניט
מעהר וועט דער שאָטען פון טויט שוועבען איבער אונ־
זערע קעפּ... ניט מעהר די טעגליכע לויה׳ס... מיר
וועלען היינט אַנטלויפען האָט ער גע׳טענה׳ט צו דער
פראַקטישער שולמית׳ן...

הערסט שולמית? היינט... היינט שטעלען מיר
חופּה און מאָרגען אַטעמען מיר פריי... מאָרגען וועט די
זון שיינען אין איהר פולער ליכט און היילען אונזערע
וואונדען... אַ נייע לעבען! — אַ גליקליכע צוקונפט!...
טרעהרען האָבען זיך געשטעלט אין איהרע טיעף־בלויע
אויגען... זיי האָבען מאַיעסטעטיש שפּאַצירט איבער
איהרע מאָגערע באַקען...

שולמית! האָט הירש ליב פּלוצלינג אויסגעשריען
מיט מורא אין זיין קול... זאָג מיר... גיכער... וואָס



קליינוואַרג קוקען זיך איין ווי די רויטע טייוואָלים
ברענען אידען!

האט פאסירט? דערצעהל מיר... דאס ווארט א־ו־מ־ג־ל־י־ק האט ער געלייענט אויף איהר פנים... שולמית האט אבער ניט געהאט דאס הארץ איהם צו זאגען וועגען איהר ברודער׳ס פארשווינדען... דאס וועט דאך צו־שטערען זיינע בריליאנטענע חלומות... צושמעטערען זייער גליק... דאך האט זי אנגעהויבען: אינדערפריה איז ער אוועק קריגען „ברויט״ — שוין היבשע עטליכע שעה... ג־ט אין הימעל מיין טאטע וועט דאס ניט אי־בערטראגען... ערשט צוריק מיט אכט חדשים האט ער באגראבען מיין מאמען... זיין לעבען׳ס באגלייטערין... און יעצט? ניין, עס קאן ניט זיין... זאג מיר הירש ליב ער וועט צוריק קומען — א יא? די טעג האבען זיך גע־צויגען ווי חדשים, די נעכט ווי יאהרען... און פון שולמית׳ס ברודער איז קיין ידיעה ניט געקומען. דער חתן האט ניט איינמאהל איינגעשטעלט זיין לעבען זו־כענדיג זיין צוקונפטיגען שוואגער אין די לאגער׳ן פון חיות... אבער... אבער... קיין זכר!

דער אלטער טאטע האט שטיל געברומט און גע־וויינט... ער האט זיך ווי געבעטען ביים רבש״ע — און געפרעגט — אבער צו קבורה?... צייג מיר וואו איז ער, מיין בלוט און פלייש... צו קבר ישראל זאל מיין קינד ניט קומען?... אהן א שטיין אונטער׳ן קאפ?... מיין קינד... מיין זוהן... איך וואלט דאך וואכען געפאסט איידער דיר שיקען נאך ברויט... וואס ביזטו געלאפען?! ווער האט דיר געשיקט?... וואכען זיינען

פאַראיבער, די טעג האָבען זיך פאַר איהם געצויגען — פונקט ווי די נעכט האָבען איהם געמוטשעט — ביז משוגעת... אוים רחמנות האָט מען איהם פאַרשלאָסען אין „סטאַלאָווע". וואָס מען האָט איהם אַריינגעטראָגען צו עסען האָט ער צוטראָטען מיט די פים... הירש ליב האָט איהם שוין אפילו פרובירט קאָרמענען מיט געוואַלד — עס איז אָבער ניט געלונגען... אויף דעם דריטען טאָג איז ער אַריינגעפאַלען אין אַ הינער פלעט פון וועלכען ער איז שוין צו זיך ניט געקומען... צום דרייסיגסטען טאָג פון זוהנ'ס פאַרשווינדען איז דער פאָטער געשטאָר־בען. אויפ'ן דריי און דרייסיגסטען טאָג האָט זיך דער זוהן אָפּגעזוכט אַ פרישער און געזונטער... די איראָניע פון שיקזאַל!

הירש ליב און שולמית זיינען צוריקגעקומען פון בית־עולם ערשעפּט און צובראָכען... זעהענדיג אַז עס נעמט קיין סוף — ממש אַ נייע פאַרפלייצונג פון קערפּערם אויף אַלע וועגען און שליאַכען... יעדע שעה שלאָגט דער זייגער טרויער טענער פון אַ נייע לויה פּראָצעסיע... האָט דער חתן אויסגענוצט זיין איינפלוס אויף דער כלה וועלכע איז געווען דער סימבאָל פון אידישען גלות — שטאַרק זיך, האָט ער זי געטרייסט... באַלד וועלען מיר שטעהן אונטער דער חופה... באַלד... אַ שכנה האָט אַריינ־געטראָגען צו דער קיילעכדיגער יתומה אַ ווייס חופה־קלייד... ריין און זויבער... אַזאַ עהנליכקייט... ממש ווי איהר פאָטער'ס תכריכים!...

אַלעס איז גרייט. מ'שטעהט אונטער דער חופה... דער דין נעמט דעם כוס אין האַנט און הויבט אָן מיט אַ טרוקען קול די ברכת ארוסין... דער חתן נעמט אַרויס פון קעשענע אַ רינגעל מיט וועלכען זיין פאָטער האָט מקדש געווען די מוטער... זיין האַנט טרייסעלט זיך... זיינע ליפען באַוועגען זיך לאַנגזאַם... הרי את מקודשת לי בטבעת זו כדת משה וישראל... דו ביזט מיינע... מיינע אויף אייביג... ביז דער טויט וועט אונז צושיידען... דער ט־ו־י־ט! אַך, ווי היימיש ער איז... אַזאַ אָפטער גאַסט אין די אידישע היימען... ער נעמט אין זיינע אָרעמס אַלטע און יונגע, כלות און חתנים פון אונטער דער חופה... ער קושט זיין קרבן מיט ליידענשאַפטליכער התלהבות... אויף אַלע שמחות דער ערשטער מחותן... אויך די שמחה האָט ער ניט פערביינגעלאָזען... זיין כונה איז געווען צו פאַראייניגען די קינדער מיט די עלטערען.

די געסט האָבען דערפיהלט ווי דער טויט בייסט, שוואַרצע אימה איז זיי בעפאַלען... זיי געטריבען אינטערוויילעכס... צו דער טיהר, זיינען אַרויס, גענומען לויפען... אויך חתן־כלה האָבען זיי געוואָלט נאָכלויפען... אַנטלויפען... זיך ראַטעווען... אָנהויבען פון דאָסניי... אַ נייע עפּאָכע... אַ נייע לעבען... אָבער צו שפּעט! שולמית האָט זיך איינגעקלאַמערט אין הירש ליב'ן . . . איהם געדריקט צו זיך . . . געליבטער מיינער . . . טייערער מיינער . . . ראַטעווע מיך . . . איך

בין ריין און לויטער ווי מיין חופה קלייד . . . מיין לייב איז ניט באַריהרט געוואָרען פון קיין שרץ . . . שיץ מיך . . . לאָז ניט אַז מיין לייב זאָל טראָגען די שאַנדע פון דיין נאַכלעסיגקייט . . . לאָז ניט . . . האַלט דיין פאַרשפּרעכען . . . ביזטו דאָך מיין מאַן כדת משה וישראל ! . . . זי האָט גערעדט גיך . . . אָפּגעהאַקט . . . געסאָפּעט שווער . . . געקוקט מיט אַ פראַגע צייכען אויף דעם פאַרלוירענעם הירש ליב'ן . . . מיט אַמאָהל — און הירש ליב'ס געזיכט האָט זיך פאַרענדערט . . . האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען מיט אַ מאָדנעם קדוש השם־שטאָלץ . . . בליץ שנעל האָט ער אַ כאַפּ געטאָהן שולמית'ן ביי די אַקסלען און מיט אימפּעט איהר אַ שליידער געטאָהן אויף דער בליאסקענדער שפּיז — אַריינגעשטעקט אין אַ ביקס — וועלכע איינער פון דער סאָוועטישער אַרמיי האָט שטייף געהאַלטען פּונקט אַנט־קעגען . . . אַ דורכגעלעכערטע איז זי געפאַלען אין אַ טייך בלוט וואָס האָט געשטראָמט פון איהר קערפּער . . .

די מערדער זיינען געשטאַנען ווי געפּלעפט . . . ניט בעגרייפענדיג די העלדישע ראָלע פון פאַרליבטען חתן . . . און מאָדנע, שולמית האָט געשמייכעלט . . . אַזוי זיס . . . אַזוי צערטליך . . . איהרע אויגען האָבען געקוקט מיט דאַנקבאַרקייט אויף איהר באַשערטען . . . איהם גע־רופען צו זיך . . . קום מיט מיר מאַן מיינער . . . אויף אַ נייער וועלט . . . אָנהויבען פון דאַסניי . . . אַ נייען לעבען . . . אַ נייע עפּאָכע אין אייביגקייט . . . קום . . .

נעם מיך פאר דער האנט . . . צוזאמען . . . צוזאמען וועלען מיר געהן אויף דעם אויסגעטראטענעם וועג . . . הירש ליב, א שוויים באשלאגט מיך . . . עס איז מיר היים . . . איך האב מורא . . . לאז מיך ניט אפ . . . עס ווערט טונקעל . . . פינסטער . . . איך פאל . . . האלט מיך שטייף . . . אזוי טייערער . . . אזוי . . . שטייפער, דריק מיך פעסט . . . פעסטער, די קאניבאלען האבען געטאהן דאס איבעריגע . . . ביי איהר זייט איז הירש ליב געלעגען . . . זיין האנט האלטענדיג איהרע . . . צוזאמען . . . צוזאמען, מיט דער חופה איבער זייערע קערפערם.

* * *

דאנערשטאג, פרשת ראה, תרע"ט, איז נאוואגראד-וואלינסק איינגעהילט געווארען אין פלאמען דורך א טראגישען טעות פון די רויטע אפיצירען. די גרעניץ וואך האט געגעבען פאלשע סיגנאלען וואס בעדייטען דאס אנקומען פון א פיינטליכער ארמיי, ווען אין אמת'ן איז דאס גאר געווען א אפטהיילונג פון רוסישען מיליטער וואס האט געבלאנקעט אין דער פינסטערניש און האט פון וויטענס געמאכט דעם איינדרוק ווי א גרויסע ארמיי וואס גנב'עט זיך מיט דער הילף פון דער נאכט אין שונא'ס טעריטאריע.

אין גרוים איילעניש האבען די רויטע צוזאמענגע-שטעלט שיפלעך, פלויטען און ברעטער וואס האט זיי געבראכט אויף דער צווייטער זייט פון טייך „סלוטש",

און פון דאָרטען האָבען זיי סיסטעמאַטיש געשאַפען אַ „קאַלך אויוועך" אין נאַוואגראַד־וואלינסק. שופרות די־נאָמיט און פאקאלען פייער האָבען אָפגעווישט די שטאָט פון דער אוקראַינער מאַפּע.

דריי גאַרענדיגע ווענט האָבען געקראַכט און זייער ליאַרם באַגלייט פון שטויב וואָלקענס וועלכע מיר האָבען באין ברירה איינגעאָטעמט האָט זיך געצויגען פאַר'ן שטח און פאַרטונקעלט די ליכט. זייער הויך האָט כמעט ווי צוגעדעקט די לבנה וועלכע האָט באַלויכטען די חורבות און דעם אומגליק אונטער זיי. ערשט שפּעטער, ווען דער ווינט האָט פאַרטריבען די חוצפה'דיגע פינס־טערניש און אויפגעבלאָזען די רעשטלאַך פייער . . . האָבען אונזערע אויגען באַוואונדערט די גבורה פון טיי־וועל'ס שקלאַפען... געבליבען זיינען מיר געשטראַנדע־טע צווישען פייער און הונגער!

איך זיץ אין מיין קליינעם חדר מיט ביכער און פאַפירען אין דער גרעסטער אומאָרדענונג. אין דרויסען איז א זאווערוכע . . . דער ווינט שמייסט די הימעל טרעהרען . . . די טראָפענס זיינען הארטע — ממש ווי א האָגעל וואָס שלאָגט אכזריות׳דיג מיין פענסטער, שלאָגט און דערמאָנט . . . צושרויפט מיינע נערווען . . . ווי צו להכעיס ווערט דער ווינט ווילדער . . . זיינע קולות שטערען די רוהיגקייט פון מיינע דלד אמות . . . דאכט זיך אז די ערד וואָלט מעהר הנאה געהאַט פון האָגעל וואָס וואַשט מיין טאפלע . . . נאָך א מינוט און איך וועל צוזאַמענברעכען! . . . די וואַטע וואָס געפינט זיך אין מיין שופלאָד ראַטעוועט די סיטואַציע . . . וויפיעל עס קען נאָר אריין — שטופ איך אין מיינע אויערען . . . געמאַכטע טויבקייט . . . פאַרמאַך די לאָדען . . . נעם די פאַרשקלאַפטע פען אין האַנט און איידאַ — צוריק צו דער אַרבייט . . . נאָר לאָמיר זעהן, וואו האַלטען מיר? איך גלויב — ביים פינפטען קאַפיטעל. די העלדין פון דעם קאַפיטעל איז א ניין און צוואַנציג יאָהריגע פרוי, פון דורכשניטליכען וואוקס, שעהן ווי אפאָלאָ (דער גאָט פון שעהנקייט) . . . א שלאַנקע . . . מיט א ברייטען שטערען, גרויסע פראַכטפולע ברוינע אויגען, א געשניצטע נאָז, רונדע ראָזעווע באַקען, ווייסע פערעלדיגע ציין, און מאַניערען וואָס האָבען קיין גלייכען, — די פאַרקערפערונג פון שיר השירים אידעאַל — מיט אַן הקדמה פון



די רביצין גיטיל בת הרב הצדיק ר' מיכילע ז"ל,
די מוטער פון פּאַרפאַסער.

א גאלדען הארץ וואס ענטהאלט: צדקה, גלויבען, ליבע, שטאלץ און אלעס וואס איז נאבעל! באקאנט זיך ליבע לעזער מיט דער דאמע אין תכריכים — מיין מוטער!

די מאמע, זי שטעהט ביי מיין זייט א געבויגענע, מיט אומעט אין איהר מוטערליכען שמייכעל... זי אינ־ספירירט מיר, העלפט מיר, פיהרט מיר, פיהרט די פען פאר מיר, גיך, אין איין אטעם... פארשווארצט דאס ווייסע פאפיר מיט פאראורטהייל... מיט גרימצארן... געגען וועמען וויים איך אליין ניט... איין זאך אבער, עס גרילצט מיר אין די אויערען... דאס גרילצען אנט־וויקעלט זיך אין קלאנגען, די קלאנגען אין אותיות... די אותיות ווערען פארמירט אין ווערטער... ש ר י י ב מ י י ן ק י נ ד... ש ר י י ב... דערצעהלט די מוטערס פון דער וועלט ווי שווער מיר איז אנגעקומען זיך צו שיידען מיט אייך... די גסיסה שטונדען האבען מיר אויף אזוי פיעל ניט וועה־געטאהן ווי דער געדאנק אז איך, א מוטער פון פיער קינדער וועל זיי ניט דערציהען... וועל זיין געצוואונגען זיי איבערצולאזען אין פרעמדע הענט... גלויב מיר מיין קינד... איך האב אייך ניט פארגעסען... אין מיין שמאלער וואוינונג טהו איך תפלה פאר אייך... די גאנצע צייט האב איך אייך גע־היט... די אלע יאהרען האב איך זיך געפונען צווישען אייך... האב געקעמפט פאר אייך געגען אלע איבלען פון לעבען... אייער פיין איז געווען מיינער... איי־ערע צרות מיינע... אלעס וואס איהר האט איבערגע־

לעבט ... צו אַלעם בין איך געווען אַ טרייער שותף... געדיינקסטו מיין קינד יענעם מעת לעת ... געדיינקסטו יענע נאַכט?... די נאַכט — ווען איך האָב אייך אין „קליידער שאַפע" בעהאַלטען ...

די פען טרייסעלט זיך ... מיין האַרץ פלאַטערט ווי די כוואַליעס פון ים ... אַ שוידער געהט דורך מיין לייב ... אַ מאָדנע קעלט צושפּיעלט זיך אין מיינע אברים ... אַ פּאַרע שלאַגט פון מיינע נאָז-לעכער ... איך הער בולט דאָס פאַרגעסענע ... איך זעה קלאָהר די פאַרגאַנגענהייט ... איך קען ניט ... איך קען ניט נאָכאַמאָהל איבערלעבען — צווישען די פיער ווענט אין מיין קליינעם צימער — יענע נאַכט ... קען דען אַ זוהן שילדערען דעם טויט פון זיין מוטער ... שילדערען די מוטערליכע וואַנט וואָס ווערט אַנגעפילט מיט קוילען שי-צענדיג איהרע עופּה'לאך ... ניין, ניין, איך קען ניט... אַט שטעהט זי מיט אַ אכט חדשים'דיג קינד אין איהרע אָרעמס ... און מיר קינדער אונטער איהר! ... אוי מיין האַנט! און די העלדין פאַלט ... און מיט איהר הונדערטער אַנדערע ... ניט מעהר, נאָר די שחיטה פאַרניכטעט דעם מענטשליכען מין אויף דער וועלט ... די גאַנצע וועלט ווערט באַזיגט פון מלאך המות.

דער רעש פון די „פּולימיאַטען" ווערט קלענער ... שטילער ... רוהיגער ... ביז ער ווערט אינגאַנצען פאַרשוואונדען אונטער די זייטיגע גאַסען פון שטאָדט ... אַ טויטע שטילקייט ... פון צייט צו צייט הערט זיך נאָך

א קרעכץ . . . א רוגזא'דיגע טענה צום באשעפער . . . ראה ה' כי צר לי . . . זעה ג-ט — און העלף מיר . . . מיינע געדערים זיינען איינגעשרומפען . . .

פיער קינדער זיינען מיר: יצחק, ברוך, אדיל און נחום'ל, דער לעצטער א פארשוין פון אכט חדשים. און אלע מיט'ן אויסנאהם פון אינגסטען, קוקען מיר אויף אונזער מוטער'ס בלאסען פנים... טאפען איהרע גלידער... זוכען א סימן פון לעבען . . . מאמע . . . מאמע . . . שטעה אויף... געגוג געשלאפען... אדילע באגרייפט נים אז די מאמע וועט פון דעם אנגענעהמען שלאף אהן שום אטעם נים אויפשטעהן . . . דער שטיינערנער צוקאפענס וועט אייביג זיין איהר קושען . . . אבער ווי פארגליווערט זיינען מיר געווארען הערענדיג דער מוטער'ס קול . . . וואסער . . . וואסער . . . עס איז מיר טרוקען אין מויל . . . יצחק, דער עלטסטער און העלד פון דער קאפעליע נעמט מיר פאר דער האנט און לאזט זיך צום ברונעם וואס איז אינגאנצען צוויי גאסען ווייטער... די מאמע דרעהט אוים איהר קאפ און דערלאזט נים מיט איהר וואונקען אז מיר זאלען זיך שיידען פון איהר אפילו פאר'ן ביסעלע וואסער אין וועלכען זי נויטיגט זיך צו שטילען איהר דורשט . . . ניין, איך בין נים דורשטיג... איך וויל נים קיין וואסער . . . האלט זיך צוזאמען קינדער . . . לעבען מיר . . . נעמט אראפ די שאל פון מיינע אקסלען און דעקט זיך צו . . . איהר וועט זיך נאך ח"ו פארקיהלען . . . ארימע קינדער . . . איהר האט

דאָך אפילו קיין וועטשערע ניט געגעסען! . . . שווערע טריט האָבען איהר איבערגעשלאָגען . . . גיכער . . . אין שאַפע קינדער . . . אין שאַפע . . . אויף איהר בויך מיט דער הילף פון דער לינקער האַנט האָט זי זיך צוגע־שאַרט און פאַרשטעלט די אָפענע העלפט פון דער שאַ־פע . . . דורך די שפּאַלטען האָב איך געזעהן זיין לאַמ־טער'ן . . . איך האָב איהם דערקענט . . . עס איז „דימיטרי איוואַנאָוויטש" . . . דער זעלבער איוואַנאָוויטש וואָס איז אויסגעקניפּט און אויסגעבונדען מיט דער אי־דישער באַפעלקערונג, אַ פריינד, כמעט אַן אייגענער, צו דער זעלבער צייט אַ טרייער סאָלדאַט פון ערשטען ראַנג. זיכער וועט גראַספּאָדין איוואַנאָוויטש ניט טשעפען אַ פאַרוואונדעטע מוטער . . . זיכער וועט ער ניט וואַגען צו פאַרגרעסערען איהרע וואונדען . . . אויב ווידער, ער וועט דערקענען דעם ראַבינ'ס פרוי, און פאַרוואָס זאָל ער זי ניט דערקענען? ערשט נעכטען איז ער דאָך געווען ביי אונז אין הויז און זי אליין האָט איהם געגעבען פריי־שען קוכען מיט קאַווע . . . וועט ער איהר געוויס העל־פען . . . אָדער אַמווייניגסטענס מאַכען אַ פאַרזוך . . . אַזוי האָט מיך מיין קינדערשער שכל אָפּגענאַרט . . . די רעאַלע זייט האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט ערשט ווען איוואַנאָוויטש האָט מיט זיין פוס אַ בריקע געטאָהן דעם נידעריגען טהייל פון איהר קערפּער, זי האָט זיך אַ צאַפּעל געטאָהן . . . איוואַנאָוויטש איז גיך צוריקגעטראָטען

אויף אַ שטח — אום צו שיסען דירעקט אין דער מוטער'ס הארץ . . . ער האָט געטראָפען . . . און אונזער מוטער האָט זיך אויסגעצויגען אין איהר גאַנצער לייַנג . . . זאָגט קינדער . . . איהר זייט מיינע עדות . . . שרייט — יתגדל ויתקדש שמיה רבא . . . איך זעה אייך ניט מעהר . . . וואו זייט איהר מיינע ליבע קינדער? . . . וואו? . . . ש מ ע י ש ר א ל ד' א ל ק י נ ו ד' א ח ד ! . . . איהר קול האָט זיך געראַנגעלט . . . גע-ברומט און געוויינט, און דער ווינט האָט מיטגעברומט . . .

דער שטאָדט זייגער שלאָגט צוועלף, איך קריך אַרוים פון דער קליידער שאַפע און שפּאַן איבער דער מוטער . . . לייג זיך ביי איהר זייט מיט'ן קולאַק צוקאָפּענס . . . דוכט זיך נאָר וואָס אַז מיר האָבען זיך פון הויף אַרוים-גע'גנב'עט . . . פּאַסירט האָט עס אַזוי: מיין פאָטער זאָל מאריך ימים זיין איז געווען באַשעפטיגט אין ראַטע-ווען הונדערטער אויף וועמען די רויטע האָבען זיך אָנ-געלייגט און געהאַלטען ביים צושפּרייטען זייערע מגפה-פליגלען . . . זייענדיג דער „רב הכולל" פון נאַוואָגראָד-וואָלינסק — און דער גאַנצער פּראָווינץ אַרום — איז ער מאַראַליש געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר'ן וואוילזיין פון דער אידישער באַפעלקערונג . . . און טאַקע ווי אַזעל-כער האָט ער זיין פּאָסטען געפיהרט מיט ווירדע, מיט עהרענהאַפטער דינסט צו זיינע ברידער! זיין מסירת-נפש פאַר'ן כלל איז ניט צו בעגרייפען! אין יעדען טראָט וואָס ער האָט געשטעלט איז געלעגען אַ רפואה צו אַ

גרויסער טראַגעדיע . . . ריכטיג האָט זיך דער קהלה פאַרזיצער אויסגעדריקט: „אינוויייניג — איז ביי איהם געפלאַסטערט מוטה, קוראַזש, און ליבשאַפט צו זיין פאָלק, ער איז אין מיינע אויגען דער גרעסטער מזג טוב און ריינסטער אידעאַליסט". ער האָט פאַרנאַכלעסיגט זיינע פליכטען אַלס מאַן און פאָטער אום צו דינען זיין קהלה . . . אויף זיין געלעגער ווי אויף דער וואך האָט ער געהערט דאָס קלאַגען פון זיין פאָלק . . . דער קוואַל טרעהרען האָט ניט געשטילט דאָס שוואַרצאַפּעל פון זיין אויג . . . די שאַרפע ציין פון שונא האָבען געקרויבט זיין שלאָף . . . איהם געטריבען פון בעט אין די קאַזאַר־מעס וואו זיינע ברידער זיינען קייטען געקאָוועט . . . זיין קול האָט זיך געהערט אין אַלע עקען זוועהיל . . . גרוים ווי דער ים איז דיין בראָך . . . און ווער וועט איהם היילען . . .

די גאַנצע נאַכט פון דינסטאָג האָט ער האַסטיג גע־שפּאַנט אין די זאַלען פון דער געביידע . . . פינף פאַר־טאָג און אַ שטאַרקער קלאַפּען אין טיהר האַקט איבער דאָס בייזע שטילקייט . . . מיר זיינען אַראָפּ פון די בעטען — קוקען זיך איין אין פאָטער . . . און מיר זעהען צום ערשטען מאָהל זיינע גרויע האָר . . . זיינע איינגע־פאַלענע באַקען . . . אויסגעלאַשענע אויגען . . . אין אַזאַ קורצער צייט געוואָרען אַ בן שבעים — און אין דער ווירקליכקייט ניט מעהר ווי דריי און דרייסיג יאָהר . . .

ווער קלאַפּט? . . . וואָס וויל מען ? „אטקרוי״ (מאַך אויף) איז געקומען אַ הארטער ענטפער פון יענער זייט טיהר . . . דער פאַטער האָט געלאָסען אויפגעשלאָסען און אַריינגעבעטען די באוואָפּענטע געסט צו זיך אין אויפ־נאַהמ׳ס צימער, זיי האָבען זיך אָבער ערקלערט גרייט צו נעמען דעם פאַטער מיט זיך, עפּעס צוויי „זשידעס״ וואָס ווייזען פון זייער קליידונג אוים צו זיין ישיבה־בחורים — וועלען געשאָסען ווערען זיבען אוהר — אַלזאָ דאַרף מען מיט זיי ודוי זאָגען . . . מיר זיינען געווען דערשטוינט פון דער נאָבעלקייט . . . טויזענדער אידען האָט מען געשיקט אויף יענער וועלט אָהן אַ ודוי . . . און דאָ?... דער ענין איז אָבער ניט אַזוי פשוט . . . ער איז מעהר פאַרוויקעלט ווי די סאָלדאַטען האָבען געמיינט . . . נאָך מעהר קאָמפּליצירט ווי מיר האָבען זיך אָנפאַנגס פאָרגעשטעלט . . . לייענט און שטוינט:

אין אַ קעלער פול מיט שאָטענס, אונטער אייזערנע פאַרזשאַווערטע גראַטעס שטעהען צוויי ברידער מיט גע־שוואָלענע אויגען, קענטיג אַז אויסגעשעפּט איז ביי זיי דער „טרעהרען ברונעם״ פון אַכט שטונדיגען וויינען... פאַרלוירען דעם לשון דורך עלענדער שרעק! צוויי קינ־דער מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, דער עלטערער מיט סמנים פון אַ בערדעל, און דער אינגערער ניט מעהר ווי אַ יאָהר זעכציהן . . . אין זיינע אויגען ליגט נאָך דער גע־שמאַקער קינדערשער אונשולד . . . ביידע — דערזעהנ־

דיג דעם פאָטער אין זייער צעל — פאַלען איהם אויפ׳ן האַלז . . . ביידע כליפען הייזעריג, „רבי . . . רבי . . . ברייננט אונז צו קבורה״ . . .

זיי שפירען ניט זייער געפאַנגענשאַפט . . . זיי האַלטען זיך ניט פאַר קיין אַרעסטאַנטען — נאָר פאַר מתים וואָס ווילען געפינען רוה צווישען די קברים פון זייערע עלטערען! ווי אַ טרייער פאָטער צערטעלט ער זיי . . . פיהרט זיין האַנט איבער זייערע פייכטע שטערענס . . . רוהיג קינדער, דערצעהלט מיר — ווי קומט איהר אַהער? . . . דערצעהלט מיר אַלעס און השי״ת וועט אייך העלפען . . . דער עלטערער פון די ברידער הייבט אָן: מיר זיינען די קינדער פון (דאָ האָט ער אָנגערופען דעם נאָמען פון זייער פאָטער — יעצט, אַ באַריהמטער חסידי׳שער רבי — אויף וועמעס בקשה איך בין געצוואונגען אויסצולאָזען די נעמען פאַרוויקעלט אין דער טראַגעדיע). געקומען זיינען מיר קיין זוועהיל מיט אַ העברעאישען בריעף וואָס ערקלעהרט אונזער וויכטיגע שליחות. ווען די נאַכט האָט געהאַלטען ביים צופאַלען זיינען מיר אַריין אין שטאָדט „בית המדרש״ צו דאַווענען מנחה־מעריב. נאָכ׳ן דאַווענען זיינען מיר פאַרבליבען לערנען ביז אַרום האַלב צעהן. נאָכדעם האָבען מיר זיך געלאָזט געהן צו אונזער אכסניה — און ווי אויף להכעיס האָבען מיר ניט געקענט געפינען די „גאַס און נומער״. וועמען צו פרעגען איז אויך ניט געווען, איהר

זאָלט זאָגען אַ רענדעל פאַר אַ נפש . . . בלאַנדזשענדיג אין דער פינסטער האָבען מיר זיך אַנגעשטויסען אין אַ גוי . . . מיר האָבען ניט געוואוסט וואָס ער רעדט . . . און ער האָט הפנים ניט פערשטאַנען וואָס מיר ווילען . . . אזוי האָט ער אונז גענומען פאַר די הענט . . . געפיהרט איבער בלאָטיגע גאַסען ביז צו דער טורמע . . . און דאָ זיינען מיר . . . דער בחור׳ל האָט זיך אָפּגעשטעלט, גע־צויגען דעם אָטעם, און אַ שטאַרקען זיפץ געטאָהן. די צוויי מינוט פון שטילשווייגען האָבען אויסגעזעהן ווי אַ אייביגקייט! די שאָטענדיגע שטילקייט האָט געפּייניגט די „דריי" אין האַלב פינסטערען קאַמער . . . ברוטאַל געזויגען זייער שטיקעל האָפענונג . . . אַלע זיינען זיי געזעסען אויף דער נאַסער ערדיגער פּאַדלאָגע . . . אַ קאַלטער שוויים האָט געוואַשען זייערע גופים . . . דער פאָטער האָט זיך אָבער קאָנטראָלירט . . . יעצט איז ניט די צייט פאַר דעם . . . אַ וואולגאַרער לאַכען פון אַנדער׳ן קאַמער האָט איהם געשטעלט אויף די פיס . . . ער האָט זיך פאַר אַ סעקונדע געוואַקעלט . . . דאָך גע־שטאַרקט . . . בעפרייט פון „אינקוויזיציע קבר" — און אויף גיך אוועקגעשפּאַנט — אריין אין אַ שעהן מעבליר־טען לופטיגען קאַבינעט וואו ער האָט געטראָפען אַ „שונא ישראל" אין אָפיצירען מונדיר . . . דער חוצפּה׳דיגער אָפיציר האָט באַגעגענט דעם פאָטער מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל און זיך געוויגט אין דער ווייכער פלוש־געבע־

טער שטוהל. וויפיעל דער פאַטער האָט זיך ניט אנגע־שטריינגט צו ציהען זיין אויפמערקזאמקייט איז דאָס איהם ניט געלונגען . . .

ווער ווייסט מיט וואָס עס וואָלט זיך געענדיגט ווען אינמיטען קומט ניט אריין דער „קאָמאַנדיר”. ער, דער קאָמאַנדיר האָט ווי אימער עמפּפאַנגען דעם „ראַבּין” מיט אַ פריינדליכען שמייכעל, און זיך ערקלערט גרייט איהם אויסצוהערען. ווערטער האָבען זיך געריסען פון „ראַ־בּינ'ס” האַלז אָהן אַ סדר . . . פאַרצווייפלונג האָט גע־שריען פון זיינע גלידער . . . זיין פאַרקיהלטע בּלוט האָט פון איהם ארויסדערצעהלט . . . זיינע הענט האָ־בּען גע'טענה'ט . . . זיינע אויגען און לייבּ האָבּען אויס־געשיילט די טראַגעדיע פון די צוויי אינגלעך . . . כמעט קינדער.

דער קאָמאַנדיר האָט ארויסגענומען פון שופלאַד אַ פּאַפּיר — איבּערגעלייענט, פאַרקנייטשט דעם שטערן און זיך געווענדעט צום „ראַבּין אדוואָקאַט” מיט ערנסטער רוהיגקייט: זיי זיינען שפּיאָנען . . . אין זייערע קעשע־נעס האָט מען געפונען אַ געהיימע שריפט . . . דערצו איז נאָך פאַראַן אַ עדות וואָס האָט זיי געזעהן שפּעט אין דער נאַכט געבּען סיגנאַלען . . . ניין, מיר קענען גאָרנים טאָהן, אַ מיליטערישער געריכט האָט זיי פאַראורטיילט צום טויט . . . מהות אייער רעליגיעזע פליכט צו די ארעסטאַנטען האָט ער פאַרענדיגט שוין אבּיסעל אויפ־געדעגט . . .

דער „פאטער" איז געפאלען אויף די „קניה" . . . געקושט די שטיוועל פון „קאמאנדיר" . . . גראספאדין קאמאנדיר, זיי זיינען קינדער . . . אומשולדיגע אינגלאך וואס רעדען גארניט אייער שפראך . . . קענען נים איי־ערע „זאקאנען" . . . איך בין אייער „משכון" . . . ארעס־טירט מיך, איך וועל זיין פאראנטווארטליך . . . גראספא־דין קאמאנדיר, קוקט זיך איין אין אייערע קרבנות . . . זעהט מיט אייערע אויגען . . . קומט . . . קומט . . . ער האט איהם געכאפט פאר דער האנט . . . ממש דורכ־געלאפען די לאנגע קארידארען . . . געשפרונגען איבער די געדרעהטע שטיגען אין קעלער . . . אט זיינען זיי . . . זעהט ! יא, די באצויבערענדע געטליכקייט וואס אהט גערעדט פון מיין גרויסען פאטער האט געבראכען די בלייענע הארץ פון קאמאנדיר, אבער . . . ווען דער לעצטער האט באפוילען דעם וועכטער צו בעפרייען דעם אינגער'ן פון די ברידער, איז שוין דער גורל פון עלטער'ן געוועזן א פארזיגעלטער . . . אזוי איז דער רצון פון ג־ט !

אנהאלטענדיג זיך אין געראטעוועטען אינגעל איז דער רבי נאכגעגאנגען דעם פאר'משפט'ן — וועמען צוויי וועכטער האבען שטייף געהאלטען. זיינע ליפען שעפ־טשען שטיל . . . רחם על פליטת צאן ידך . . . ותאמר למלאך הרף ידך . . . געווג . . . גענוג . . . מיר האל־טען ביים הויף . . . שוין אינווייניג . . . דער רבי האפט נאך אלץ אויף א נס, און טענה'ט מיט השי"ת . . .

מ׳פאַרבינדט די אויגען פון קרבן . . . משטעלט איהם צו דער בלוט באַשפּריצטער וואַנט . . . די ווערטער פון רבי׳ן האָבען זיך געביטען . . . אדם בן שנה יהיה או אלף שנים יחיה, מה יתרון לו? . . .

רויטע סטענגעס האָבען זיך פון געפאַלענעמ׳ס קאָפּ אַרויסגעוויקעלט . . . איבער׳ן פּנים געגאָסען . . . אַ וועכטער האָט אַראָפּגעשלעפּט די שטיוועל פון זיינע פיס. נאָך גוטע שטיוועל, נייע שטיוועל . . . ערשט אַ וואָך אַז ער האָט זיי אָנגעטאָהן . . . שוין זיצענדיג אויפ׳ן איזוואָשטשיק האָט דער רבי פאַרצויגען אַ טרויער נגון — פרידען וועט ארומנעמען דיין גוף און נשמה. אַ גע־לעגער פון טרייסט וועט דיין אייביגער געלעגער זיין.

ביי זיין צוריקקומען האָט דער פאָטער געפונען דעם קסיאָנז אלעקסאנדער — הויפּט גייסטליכער פון דער קאַ־טוילישער קירך אין „זוועהיל״ — וואַרטענדיג אויף איהם. ער איז פון שטענדיג געווען אַ „ערענסטער פריינד״ צום פאָטער, און זיין יעצטיגער באַזוך האָט אונז נאָך מעהר איבערצייגט אין זיין אויפריכטיגקייט! זיי האָבען זיך פריינדליך געדריקט די הענט. פון דעם „שלום עליכם״ איז ביים פאָטער אין האַנט פאַרבליבען אַ גע׳גנב׳עטער דאָקומענט פון דער „געהיימער גע־פּא־או״ — משעקאַ וואו עס שטעהט „וויראזשנע״ . . . „און דער ראַבין זאָל אַרעסטירט ווערען צוועלף מיטגאַכט און זאָל דערשאָסען ווערען פינף באַגינען . . . א. אז. וו. די מאַמע איז גע־וואָרען היסטעריש . . . געשריען מיט באַנומענע קולות

אַנטלויף . . . אַנטלויף . . . איינגאַנצען אַכט שעה פאַר־בליבען . . . דער טאַטע זאָל מאריך ימים זיין האָט איהר באַרוהיגט . . . ווייסען מיר דאָך שוין פון לאַנג אַז איך ווער פאַרדעכטיגט . . . אַז מיין אַקטיוויטעט שמעקט זיי ניט . . . אַז אַ שאָטען פון זייער חדר פאָלגט מיר שטענדיג נאָך — און פאַרפאָלגט מיר . . . ווייסען מיר דאָך פון די וואָרנונגען וואָס איך האָב ניט איינמאָהל געקראָגען — פאַר מיין אַריינמישונג אין אינערליכע ענינים . . . דאַ — האָט איהם דער „קסיאנז" איבער־געשלאָגען, פאַר אייער ביז יעצטיגע פרייהייט האָט איהר — נאָך מיין מיינונג — צו פאַרדאַנקען די אויסצייכנונג פון דער הויפט רעגירונג — וואָס איהר האָט געקראָגען פאַר צושטעלען שפייז צו דער רויטער אַרמיי אין אַ גע־גענד וואו זיי וואָלטען זיכער גע'פגר'ט פון הונגער . . . יעצט אָבער זייט איהר אָהן צווייפעל אין געפאַהר . . . זיי וועלען אייך מעהר ניט דולדען . . . זיי זיינען — לויטעט מיין אינפאָרמאַציע געקומען צום שלום — אַז אייער גוטער טהאַט לטובתם האָט איין זין — אויסנוצען זייער צוטרויען פאַר די שארית הפליטה פון אייער פאָלק... און דאָס שמעקט מיט . . . ווייסט איהר שוין פון דאָ־קומענט ! . . .

דאָס איינציגע וואָס „דעם קאָפּ פון דער קהלה" איז פאַרבליבען צו טאָהן — איז — אַנטלויפען דאָרט וואו די פיילען פון שונא וועלען איהם ניט גרייכען. דער „קסיאנז" האָט גע'עצה'ט „יארין" פאַר'ן מקום מקלט . . .

אפילו צו נאָהענט צו נאַוואגראַד־וואלינסק, אָבער דאָך אַ זיכערער פלאַץ פאַר די אַזוי גערופענע פּאָליטישע פאַר־ברעכער . . . דערצו האָט ער נאָך דאָרטען אַ פריינד געניאָסע פון זעלבען גלויבען וואָס וועט טאָהן אַלס אין זיין מאַכט צו העלפען דעם „גלות ראָבין". דער פאָטער האָט אָבער ביי זיך ניט געקענט פועל'ן איבערצולאָזען זיין פרוי און קינדער. זייענדיג אַ טרייער מאַן און אי־בערגעגעבענער טאַטע האָט ער זיך פון אָרט ניט גע־וואָלט ריהרען סיידען מיר זאָלען מיטפאָהרען, די מוטער ז"ל איז אָבער געווען געגען דעם — זייענדיג מיט דער מיינונג אַז דער יעצטיגער צושטאַנד וועט במילא לאַנג ניט אָנהאַלטען און דער פאָטער וועט זיך צוריקקעהרען גאָר אינגיכען . . . עס איז אָבער געווען אַ חשבון אָהן בעל הבית ! . . .

דעם פאָטער'ס אָפוועזענהייט האָט זיך געוואָרפען פאַר די אויגען . . . די מוטער ז"ל האָט זיך אפילו אָנ־געשטריינגט צו פאַרדעקען די ליידיגקייט און פוסטקייט... די הילפלאָזיגקייט און עלענדקייט . . . אָבער אומ־זיסט ! . . . אין יעדע ווינקעלע איז געלעגען אַ פוד טרויער... אין יעדע צימער אַ תשעה באב'דיגע שטימונג . . . אין יעדע זאַל האָט אָפגעהילכט אַן עכאָ פון שרעק . . . וואו איז ער — דער באַשיצער פון דער משפחה . . . דער פאַסטוך פון פאָלק ? . . . מיר האָבען זיך געטוליעט איינער צום צווייטען — און אַלע אין דער מאַמע'ס פאַלע אַנדרעמעלט געוואָרען . . . נאָר פלוצלינג און אונזערע

חלומות ווערען איבערגעריסען . . . די מאַמע ז"ל שטעלט זיך אויף . . . האַרט אַנטקעגען שטעהען פינף קאַצאַפּעס מיט אַנטבלויזטע שווערדען . . . זי האָט זיך געכאַפּט אַז די געסט זיינען אַביסעלע צו פריה . . . טאַקע גאַנצע פיער שעה . . . נאָר אַזוי איז דאָס שוין מיט די רויטע — אַלעם טהוען זיי פאַר דער צייט . . . זיי האָבען אונז אינפאָרמירט וועגען דער בדיקה אין גאַנצען הויף — אָבער קיין סימן פון ראַבין . . . ווילען מיר זיין אַזוי פריינדליך און זאָגען וואו מ'קען דעם ראַבין טרעפען? . . . זיי זיינען געקומען מיט אַ וויכטיגער שליחות . . . און מוזען איהם זאָפאָרט זעהן . . . ווען די מוטער האָט אויף דעם אַלעם געשוויגען האָבען זיי איהר געוואָרענט אַז אין הויפּט קאַנצעלאַריע וועט מען עפענען איהר מויל, אָבפרישען איהר זכרון... דאָרטען וועט זי ריידען... צו דעם איז עס אָבער ניט געקומען. צוויי פון די פינף קאַוואַליע־רען אין בעפּוצטע מונדירען זיינען אַוועק אין די הינ־טערשטע צימערען וואו עס האָט זיך געפונען דעם פאַ־טער'ס קאַבינעט און רייכע ביבליאָטעק, הפנים צו מאַ־כען אַ רעוויזיע. זיי האָבען זיך געפּאָרעט אַ ווייל בּיי די שראַנקען ספרים און צוריקגעקומען איינגערוימט אַ סוד אין די אויערען פון זייערע קאַלעגען און אינגאַנצען פאַרשוואונדען פון הויז איבערלאָזענדיג די אַנדערע דריי מיט אונז . . . אין אַ ערך אַ האַלבע שעה איז צוגעפאָהרען אַ וואָגען מיט צוויי בעאַמטע אין ציווילע קליידער און האָבען פאַרנומען אַלע וויכטיגע פּאַפּירען און אַ טהייל

ספרים. די גאַנצע ביבליאָטעק איז געווען אוממעגליך אַנצולאָדען אויף איין וואָגען . . . עס האָט דערביי פאַר־שטעהט זיך נים געפעהלט קיין גראָבע האנדלונג מיט וואויל יונגערשע באַמערקונגען — כמעט דאָס גאַנצע מעבעל האָבען זיי אַרויסגעשליידערט אין גאַס, צווישען די מעבעל האָט זיך אויך געפונען אַ מלבושים שאַפע וואָס האָט געשפיעלט די ראָלע פון אַ רעטערין אין דער טראַגישער נאַכט!

אזוי גיך ווי די שדים האָבען אונז געלאָזט אַליין — האָט די מוטער אונז אַרויסגעשמוגעלט פון הויז — און זיך פאַרלאָזט אויף דער שמירה פון גוט־מוטיגען קריסט „קוטשיגין". ביי איהם אין קעלער האָבען מיר שוין געטראָפען הונדערטער פליטים וועלכע האָבען זיך שטאַרק דערפרעהט מיט דער רבי'צין און געווען צופרידען צו פאַר־בינדען זייער גורל מיט איהרען . . . ליידער האָט מען אונז אויסגעפונען דורך דער מסירה פון אַ אידישען מסור. זיי האָבען אונז געפיהרט צו זעקס אין אַ ראַטע . . . אויסגעזעהן האָט דאָס ווי אַ בערען מאַרש . . . אַ מאַרש פון אויסגעמאַטערטע פאַרבּרעכער געפיהרט צו דער שחיטה . . . אָבער וואָס טהוען דאָ גראָספּאדין און גראָספּאזשא קוטשיגין?... האָבען זיי — אויך זייער גורל פאַרבונדען מיט'ן גורל פון דער רבי'צין? . . . דאָס האָבען זיי די ריכטער פון דריטען אינטערנאַציאָנאַל פאַר'משפּט צום טויט פאַר דער זינד אין שיצען אַ אידען — האָט מיר מיין מאַמע אויפגעקלערט! מיר קומען צו

אַ פונקט ביי דער זייט פון אונזער מויער . . . דאָס מע־
בעל איז נאָך געלעגען אויפ׳ן טראָטואר . . . אידען און
אידענעס פאַלען כורעים . . . די יללות און „רחמנות
טענות” גרייכען עד לב השמים אָבער ברעכען ניט דעם
קאַפּריז פון די מערדער . . . ניטאָ מעהר קיין הערצער
וואָס קלאַפען מיט מענטשליכקייט . . . אָפּגעשטאָרבען
זיינען אַלע געפיהלען פון רחמנות . . . מוטערס פרעסען
זייערע קינדער צו זיך . . . בינדען זיי צו זייערע ליי־
בער . . . אויב שטאַרבען איז צוזאַמען! . . . הפנים
אַז די שכינה פון טרייהייט האָט אַזוי דיקטירט . . .
גענוג פאַרוואָגעלטע יתומים אויף דער וועלט, צו וואָס
נאָך? . . . .

# אַ קורצער סך הכל!

אינ׳ם קאַמף וואָס געהט יעצט אָן צווישען קאָמוניזם און פאַשיזם האָט דער איד אייגענטליך קיין אַנדער ברירה ווי צו וועלען דאָס ערשטע — ווייל אין יעצטיגען מאָמענט זיינען די אַנטיסעמיטישע לאַפּעס פון פאַשיזם אכזריות׳דיגער ווי די פון קאָמוניזם. דער תירוץ קען זיין גילטיג און וואָרפען אַ זכות ליכט אויף דער אידישער פרעסע וואָס באַציהט זיך אין מעהרסטע פעהלע בעת׳ן גייסטיגען פּאָגראָם אויף דער אידישער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער באַפעלקערונג פריינדליך צום „סאָוועטען פאַרבאַנד”. אָבער וואָס פאַר אַ אורזאַכע האָבען געהאַט די אידישע צייטונגען אין יענע טעג פון פּאָגראָמען צו מאַכען די קאַטעגאָרישע בעהויפּטונג אַז סאָוועטען רוסלאַנד האָט זיך ניט באַפלעקט מיט אידישע פּאָגראָמען, דאָס איז דאָך — אָדער בלינדער אידעאַליזם — אָדער אומבאַוואוסטזיניגער שקר. ווי דער לעזער קען זעהן פון מיינע קאַפּיטלאַך זיינען פּאָגראָמען אויף די אידען פון די רויטע פאַרגעקומען באַזונדערס אינטענסיוו אין 1918-19 און פאַרפאַהרען אין 1920. און פונקט ווי אַמאָהל זיינען געוועזן די הייליגע קרייץ־צוגען צו מאַכען די וועלט זיכער פאַר׳ן קאַטאָליציזם אַזוי זיינען אין צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט די הייליגע קרייץ־צוגען צו מאַכען די וועלט זיכער פאַר „קאַרל־מאַרקס סאָציאַליזם”!

כאַראַקטעריסטיש איז דאָס „ווערטעל” וואָס איז

אַרומגעגאַנגען צווישען די באָלשעוויקעס אין פּאָגראָם פּעריאָדע: „איך וועל דיר קוילען מיט׳ן טעמפּען מע־סער״... אָט וואָס, איך וועל זיך אַרויפזעצען אויף דיר וועל דיר קאַלטבלוטיג פּאַנאַנדערשפּילען דעם קאָלנער און וועל רוהיג און גלאַסען פידלען איבער דיין גאָרגעל, די אויגען וועלען דיר קריכען פון קאָפּ פאַר וועהטאָג, די זינדיגע נשמה דיינע וועט זיך רייסען און רייסען פון דיין געפּייניגטען קערפּער און וועט זיך ניט קענען אַרויס־רייסען, דער לעצטער טראָפּען פאַרשטאַנד דיינער וועט צורייסען ווערען, אָבער דו וועסט אַלץ לעבען — לאַנג לעבען און פיהלען ווי איך פידעל דיר איבער׳ן האַלז מיט׳ן שטומפּיגען מעסער.

אמת, מיינע שורות וואָלטען אפשר געווען פון גרע־סערער ווערטה ווען איך טהו ווי יענער כירורג וואָס שניידט איידעל מיט קאַלטער אויסרעכענונג געזונט צו מאַכען דעם פּאַציענט — ניט ווי אַ שוסטער אָדער קצב וואָס שניידט נאַכלייסיג! אָבער איך קען מיין פעדער ניט קאָנטראָלירען — זי רייסט זיך פון היסטעריקע — האָט דאָך פּרעזידענט ווילסאָן אין 1919 ביטער אויסגע־שריען: ״די באָלשעוויקעס זיינען נאָך גרויזאַמער ווי דער צאַר״!

* * *

איבערגעהענדיג צו גענעראַל סימאָן פּעטלוראַ וועלען מיר איבערגעבען אַ פאַקט וועלכער איז ווערטה פאַר־צייכענט צו ווערען:

סעפּטעמבער 11, 1919, נאָך די גרוילהאַפטע פּאָגראָ־מען פון די פלעגמאַטישע היידאַמאַקעס — פּעטלוראַ'ס חייל, איז דער לעצטער, פּונקט ווי די באָלשעוויקעס, גע־ווען אויף אַזוי ווייט אומפאַרשעהמט — צו שיקען זיין איינלאַדונג קיין פּאַריז צו אוסישקין, אחד־העם, אַדוואָ־קאַט גאָלדשטיין, יאַכעלמאַן און דר. מאַצקין זיי זאָלען קומען אונטערזוכען די פּאָגראָמען אויף אידען און זיך איבערצייגען אין דער פאַלשער אינפאָרמאַציע וואָס ווערט אין אויסלאַנד פאַרשפּרייט! נאָכדעם ווי מ'האָט איהם געשטעלט פּנים אל פּנים מיט'ן חורבן וואָס זיינע אַרמייען האָבען געבראַכט — האָט ער מיט רוגזא באַמערקט: וואָס ווילט איהר, איך זאָל זיך איינרייסען מיט מיינע מענטשען! נאָך דעם אינצידענט האָט ער אַליין זיך אַקטיוו באַטהיי־ליגט אין די שחיטות און די רעזולטאַטען זיינען שוין באַ־קאַנט צום לעזער!

* * *

אין שטורם פון די שחיטות האָב איך ווי איגנאָרירט דעם הונגער וואָס האָט געבושעוועט און אָנגעפילט די ליידיגע קברים מיט סקעלעטענס, איך וועל דערפאַר נוצען די שורות פון „קורצען סך הכל" פאַר דעם צוועק.

דער שרייבער פון די ציילען האָט אַלס גאַר יונגער אינגעל באַשיינפערליך געזעהן די גרויסע בעשטייערונג — וואָס דער הונגער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט — צו מאַכען די טראַגעדיע פולע הונדערט פּראָצענט.

האָט איהר געזעהן אַ הונגעריגען? אָט וואָס די

סמנים זיינען: פון הונגער קריכט אראָפּ די פלייש פון די ביינער, פארבט דעם מענטש אויף שווארץ, מאַכט איהם פארדארט, דאַר ווי אַ שטעקען! ניט איינמאָהל האָבען די סקעלעטענם געשלונגען קראָפּעווע — און זיך אויסגעצויגען צופרידענע, טאקע טויט — אָבער זאַט!

איך האָב זיי געזעהן שטעהן אין אַ רייהע — די אויסגעהונגערטע, זייערע קערפּערם באַדעקט מיט גע־שווירען און בלוטערען, מכות אויף די הענט און פנים׳ער פון וואקס, אין זייער גסיסה האָב איך זיי געזעהן טרינקען אַ ביסעל מילך געמישט מיט שמוציגער „לוזשע״. קינדער האָבען געגעסען שאָלעכץ פון קארטאָפעל און געלעקט די זייף ווי עס וואָלט געווען „טשאָקאָלאַד״. זיי האָבען זיך געקוויקט און געהאַלטען ביי די בייכער — און געזיפּצט, געכליפּעט!

האָט איהר געזעהן אַ גאַנצע שטאָדט און אין איהר— עלטערן און קינדער פאַלען פון „שווינדזוכט״ „טיפוס״ „כאָלעריע״ א. ד. ג. וואָס דער הונגער האָט געלאָזען אונ־טער זיך, האָט איהר געזעהן אידען, קראַנקע, גוסס׳דיגע אָנגעטאָהן אין תכריכים און וואַרטען אויפ׳ן טויט?! איך האָב זיי אַלם זעקס יאָהריגער אינגעל געזעהן!

מ׳זאָגט אַז די טייפעלשסטע אינקוויזיציע איז גע־ווען ניט דאָס וואָס מ׳האָט געריסען פון אייך אַן אבר נאָך אַן אבר, און ניט דאָס וואָס מ׳האָט אייך געבּרענט און געבּראָטען, ניין, דאָס שרעקליכסטע איז געווען ווען אַ פריינד האָט זיך צוגע׳גנב׳עט, אייך אונטערגעלייגט אונ־

טער אַ קראַן און פון קראַן איז לאַנגזאַם געפאַלען אויף אייער שטערן איין טראָפּען נאָכ'ן צווייטען, און יעדער טראָפּען, זאָגט מען, איז געווען אַ שטאָך אין אייער נשמה און די אגאניע פון אייער נשמה איז געוואַקסען מיט יעדען טראָפּען. דאָס ווערט געזאָגט לגבי דעם „דזשאָינט" וואָס האָט אין יענער צייט אָנגעפיהרט מיט דער רעטונגס אַר־בייט. ריכטיג, אין פילע פעלע האָבען זיי אויפגעטאָהן וואונדער און געראַטעוועט גאַנצע שטעדט, אָבער צו אונזער באַפעלקערונג ווען אפילו שפּייז און אַנדערע הילף'ס מיטלען זיינען געקומען — האָבען זיי געקלעקט ווי מצה אויף וואַסער און האָבען ליידער פאַרגרעסערט די ליידען און שמערצען. איין פאַקט פון „בעדייטענדער הילף האָבען מיר דאָך צו פאַרצייכענען און דאָס איז — גאָר אַ גרויסע סומע געלד וואָס איז געקומען אין צייט צו ראַטעווען הונדערטער וואָס זיינען שוין געשטאַנען ביי דער שוועל פון בית־עלמין — און די מעדיצינישע באַ־דערפענישען וואָס מ'האָט פאַר דעם געלד איינגעהאַנדעלט איינשלימענדיג שפּייז האָט ווירקליך פאַרמידען דאָס וואָס האָט אויסגעזעהן אומפאַרמיידליך. זאָל דאָ באַמערקט ווערען אַז איך זוך אויף קיינע אופנים ניט צו באַשולדיגען דעם „דזשאָינט" — געווים האָבען זיי געמאַכט ניט איין פאַרזוך צו צוקומען צו אונז, זיי זיינען אָבער אָהן צוויי־פעל געשטערט געוואָרען דורך שטענדיגער מלחמה־גע־פאַהר און טעראָריזירטע וועגען וואָס האָבען געפיהרט צו נאָוואָגראַד־וואָלינסק !

אַכטצעהן הונדערט קיילעכדיגע יתומים אין עלטער פון 1 ביז 16 יאָהר האָט נאָוואגראד-וואָלינסק פּראָדוצירט אין דריי יאָהר: 1918-19-20, וואָס איז פון זיי געוואָרען? איינזאַמע און פאַרגעסענע האָבען זיי אָנגעפילט די וועגען וואָס פיהרען צו ארבע פינות העולם, פילע האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין ציגיינער גרופּעס און געבליבען אָבגע־ריסען פון זייער פאָלק, פאַרבליבען אויף אייביג די גנבים „פּאַמאָטשניקעס" פאַר די ציגיינער וואַנדערער! פילע האָבען געפונען שוץ ביי די פּראָפעסיאָנעלע נשמה זו־כערס און געדינט צו אַ פרעמדען ג־ט. פילע זיינען אויף די שאָסעען געבליבען ליגען און זיך געבראָטען אויף דער אוקראינער זון. און די איבעריגע, דריי הונדערט אין צאָהל, האָבען זוכה געווען צו אַ בית יתומים.

* * *

איך האָב געלייגט גרויסע האָפענונגען אויפ'ן זכרון פון אונזער זוועהילער פריינד דאָקטאָר גליקמאַן אין פאַר־בינדונג מיט דער אומבאַגרעניצטער צאָהל קרבנות פון נאָוואָגראָד-וואָלינסק. מיין געדאַנק איז געווען צו פאַר־אייביגען די קדושים אין די שפּאַלטען פון מיין בוך — זייערע נעמען! אַלס אייביגע אָנקלאַגע געגען סאָוועטען־לאַנד און אַנדערע אַנטיסעמיטען, ליידער האָט די „אַמני־זיע" חולאת פון וועלכע דער חשוב'ער דאָקטאָר און מיינע נאָהענטע זיינען ארומגעכאַפּט געוואָרען געשטערט מיין ציל, אַ שאָד וואָס גראָד איצט האָט זיך די קראַנקהייט פאַרשפּרייט... און אפשר איז די שולד ניט אין „זכרון",

אָט ליגט פאַר מיר א בריוו פון ה׳ דאָקטאָר און זיין אינ־
האַלט לאַכט כמעט פון מיין פאַרלעגנהייט. וואַרפט א
שאַטן אויף זיין פערזענליכקייט — ווי אַנדערש ? עפּעס
ניט די שפּראַך פון א קאָמפּער (זייט מוחל), איך גיב דאָ
איבער זיין קורצן אינהאַלט אָהן דער נויטיגער ער־
לויבעניש :

מיין טייערער ברוך :

איך וואָלט דיר מיט פאַרגעניגען געהאָלפען
צוזאַמענשטעלען די ליסטע פון נאָוואָגראַד־וואָ־
לינסק קרבנות, איך האָב אָבער זייערע נעמען
פאַרגעסען, אויב איך געדענק יאָ א אידישען
קרבן איז ער אָהן צווייפעל אַזאַ פון וועלכען דו
ווייסט שוין. וואָס איז נוגע מיין בילד (נאָכדעם
ווי דער שרייבער פון בריוו האָט מיר איבערגע־
שיקט זיינע קורצע מעמוארען אין שייכות מיט
א צאָהל מערדער באַנדעס חוץ די סאָוועטישע
— האָב איך אָנגעבאָטען פלאַץ פאַר זיין בילד
אין בוך, ק.) קען איך דיר ניט שיקען. די אורזאַכע
האָב איך דיר שוין געזאָגט : איך האָב מורא
אַז דיין בוך וועט טראָגען א אַנטי־סאָוויעט כאַ־
ראַקטער.

אויפריכטיג,

א. גליקמאַן

האָבען זיך די ראָלען פון דאָקטאָר געביטען מיט'ן גאַנג פון יאָהרען? מיין ג-ט וואָס פאַר אַ אונטערשייד! דער משתדל און קעמפער פון מיינע קאַפּיטלעך און דער חשוב'ער דאָקטאָר פון בריוו.

עס מוזהט מיר באמת לייד וואָס טעכנישע אורזאַכען שטערן דאָס פאַנאַנדערוויקלען די טראַגעדיעס פון די קרבנות וועמעס נעמען איך גיב דאָ — זיי זיינען אָהן יע־דען צווייפעל די „הרוגי מלכות" פון 1919 — אַ טיעפע היסטאָרישע וואַרהייט!

**חיים מערדוועדיק, משה אהרן פישביין — פאַרברענט. פנחס — אברהם'ס, משה גערטמאַן, ניסן שיינקער, אברהם זאוואדסקי, דוב ב"ר אפרים יהודה, שמשון ב"ר יהושע פאלאק, א. קאטלאר, אלקנה מלמד, אברהם ראָטענבערג, י. שלאַכמאַן, מרדכי ב"ר פייוועל, שלמה ב"ר פייוויל, מרת קארמאזין, מרת פייגענהאָלץ, לוי בעקערמאַן, חיים משה מלמד.**

***ת'נ'צ'ב'ה'!***

## געשיכטע ווידערהאלט זיך!

די גלות געשיכטע פון וואנדערענדען אידען באַשטעטיגט דעם כלל וואס איז גילטיג פאר אלע פעלקער און נאציאנען... אבער ענג פארבונדען מעהר שיכות אין כמות ווי אין איכות האט דער כלל מיט אונז אידען — ווענעם געשיכטע באשטעהט פון איין בלוט באד נאך דער צווייטער! הויבט זיך אן מיט'ן גלות מצרים און ציהט זיך ביז היינטיגען טאג, אויפ'ן זעלבען דרך! דערפאר טאקע ווען די וועלט נויטיגט זיך אין א ביסעלע טרויער קומט זי צום אייגענטימער, צום באזיצער פון טרויער, עס הייסט צום אידען — ווענעם גלות צעהלט איין טרויער בלאט נאך אן אנדערער! די אידישע היסטאריע הויבט זיך אן מיט איין המן — און שוין איז דא א צווייטער וואס דיקטירט דעם גאנג פון אונזער געשיכטע! און די קאפיטלאך פון אונזער פערגאנגענהייט קומט אויס צו ליידען פון א שרעקליכע עהנליכקייט... אז ווען ניט די פארשיידענע נעמען און דאטומס וואס ווערען ארויסגעבראכט וואלטען אונזערע היסטאריקער זיכער געשטאנען אונטער חשד...

**געשיכטע ווידערהאלט זיך!**

צווישען די שפאלטען פון אונזער געשיכטע לייענען מיר „ישראל'ס" פארוואורף, יה אלי — ! מיר האסטו געפיהרט און געצוואונגען מיינע טריט אין דער ריכטונג

פון פינסטער און ניט פון ליכט! שוין העכער צוויי טוי־זענד יאָהר ווי מיר בעטען דיר — שטיל דיין צאָרן און אונזערע טרעהרען וועלען דיר ניט מעהר באַלעסטי־גען... אָבער — ניין.

ג ע ש י כ ט ע  ו ו י ד ע ר ה אָ ל ט  ז י ך!

די „איכה" פון אוראַלטען חורבן איז ווי צוגעפּאַסט פאַר די לעצטע דורות...

די אַלטע „איכה'ס" פאַר דער נייער צייט!

אשור און בבל, רוסלאַנד און דייטשלאַנד!

שוין פינף און צוואַנציג הונדערט יאָהר... און נאָך אַלץ די זעלבע „איכה'ס" פון מקונן... אַ שטיקעל זכות קען מען נאָך געפינען אויף יענע אַלטע — ניט מעהר עקזיסטירענדע פעלקער... אשור און בבל ווערען באַ־צייכענט אַלס ווילדע פרימיטיווע באַרבאַרען... בלוט־דורשטיגע רויבער סאָלדאַטען — וואָס האָבען געדינט צום אָפּגאָט פון „זנות"... אַזוי איז אויך די מיינונג פון אַ געוויסען פראָפעסאָר. אָבער וואָס פאַר אַ זכות קענען מיר געפינען אויף אונזערע אונטערדריקער אין היינטיגע דורות?... דער זעלבער פראָפעסאָר באַצייכענט דאָך די איצטיגע אומות — „הויך ציוויליזירטע", פאָרטגעשרי־טענע, מענטשען וואָס פרעדיגען טאָלעראַנץ, יושר, מענטשליכקייט. דאָס אַלץ געהט אָבער אַריין אין דער קאַ־טעגאָריע פון שעהנע ווערטער, געפליגעלטע אידעאַלען, געפּוצטע חנ'דלאַך!...

— ווי שטורמיג איז געקומען ג-ט'ס שטראָף איבער ישראל'ן!

— ווי פאַרטונקעלט, פאַר'מיאוס'ט און פאַר'נבזה'ט איז דער בן יקיר! אַזוי ציהט זיך די קייט פון רדיפות... ארץ ישראל, בבל, אשור, גריכענלאַנד, שפּאַניע, „סאָוועט רוסלאַנד" און „נאַצי דייטשלאַנד"!

אידען האָבען פרייוויליג געקעמפט געגען שונא פון זייער בירגערלאַנד... אויף אַלע שלאַכטפעלדער זיינען אונזערע ברידער געפאַלען... עס האָבען געקעמפט אַ ברודער געגען אַ ברודער... אַ איד קעגען אַ איד . . . און פאַר דעם זיינען מיר באַלוינט געוואָרען מיט המנ'ס פלאַן... — אויסגעפיהרט אין דער ווירקליכקייט...

געשיכטע ווידערהאָלט זיך!

וואָס זעהען מיר אין חורבן „נאָוואָגראד-וואָלינסק" וואָס מיר האָבען ניט געזעהן אין די לעצטע דריטהאלבען טויזענד יאָהר?

— די זעלבע אידען פרעסער!...

— די זעלבע מנובלים מיט אַלטער פאַרשימעלטער שנאה!...

— די זעלבע גיפטיגע גאַוער פון משוגענע הינט!...

— די זעלבע שמוציגע חשדים און רמזים!...

און מיר ווידער, זיינען שוין געוואוינט צו אַזאַ גלות-לעבען... געוואוינט צו שוידערען פון די גרויל טהאַטען...

גענוואוינט צו אַלעם וואָס אונזער פאַרשקלאַפטער לעבן שפּינט אוים!...

ג ע ש י כ ט ע   ו ו י ד ע ר ה אַ ל ט   ז י ך!

די אידישע געשיכטע געהט זיך איהר גאַנג — היינט דאָ און מאָרגען דאָרטען!... יעדער דור מיט זיינע שונאי ישראל! יעדע לאַנד מיט איהר המן.

און ווען מיר האָבען אין דער וועלט מלחמה פאַר־גאָסען אונזער בלוט... געליטען מעהר ווי אַלע... האָט מען „פּוילען" צוריקגעגעבען איהר לאַנד... „ליטע" גע־מאַכט פאַר אַ מדינה, און אַלע — חוץ דעם אידען — האָבען געקראָגען אומאָפּהענגיגקייט...

— פאַר דעם אידען איז אין ערגיץ קיין היים ניטאָ! פון אַלע אונזערע האָפענונגען אויף נאָך דער מלחמה איז געוואָרען שטויב און רויך, געפּלאַצטע זייפען בלאָ־זען!

און — ג ע ש י כ ט ע   ו ו י ד ע ר ה אַ ל ט   ז י ך!

עס האָבען זיך געשלאָסען די עפּאָכעס פון מסעי הצלב, שנת ת"ח, און שנת תרע"ט, אָבער זייערע געשטאַל־טען זיינען ניט געבראַכט געוואָרען צו קבורה... זיי זיינען געבליבען אויף דער ערד צו פייניגען די ווייטערע אידישע דורות אין מעהרסטע לענדער פון דער וועלט... דער אייביגער דראַמאַטישער גלות מאַרש...

ג ע ש י כ ט ע   ו ו י ד ע ר ה אַ ל ט   ז י ך!

אָבער, ביז ווי לאַנג נאָך וועט זיך אונזער געשיכטע ווידערהאָלען?... ביז ווי לאַנג נאָך וועט אונז אויסקומען זיך צו שטיקען מיט פרעמדע גיפטיגע לופט? ביז ווי לאַנג נאָך וועלען מיר דאַרפען גנב'ענען ליכט פאַר אונזערע אויגען? שוין לאַנג צייט אויסצוגלייכען דעם דישעל! ווייסען מיר דען ניט אַז פרייהייט גיט מען ניט, פרייהייט נעמט מען! און וויפיעל איז דער שיעור צו וואַרטען, וואַרטען, אויף פרישע גלות קרבנות. שוין צייט מיר זאָלען אויפהערען פאַלען כורעים, נאָר שטעהן געשטרעקט, גלייך, און פאָדערען וואָס אונז קומט! אונזער געטליכער נביא הנביאים האָט אונז איבערצייגט אַז פאַר קיין דעספאָטען קניהט מען ניט, ביי קיין טיראַנען בעט מען ניט קיין פרייהייט, פרייהייט מוז מען נעמען! און אַזוי האָט ער געטאָהן. אפילו די אַזוי גערופענע ציווילי־זירטע דעספאָטען וועלען קיינמאָהל מיט'ן גוטען ווילען ניט געבען קיין היים פאַר אַ „ציגיינער" פאָלק. מיט דעם קליינעם אונטערשייד פון די ראָלען וואָס די היינטיגע פרעה'ס שפּילען, איז עס אַ טיעפע היסטאָרישע וואָר־הייט, וועלכע ווערט קיינמאָהל ניט פאַרעלטערט!

אונזער איינציגע צענטראַלע האָפענונג, דער שפּיגעל פון אונזער פאַרגאַנגענהייט, קעגענוואַרט און צוקונפט איז געווען און בלייבט ארץ ישראל! אָבער וואָס טהוען אונזערע פיהרער אויף דעם געביט? וואָס האָבען זיי אויפגעטאָהן צו פאַרווירקליכען דעם גרויסען פאָלק'ס

חלום?... געהען זיי אין די פוס טריט פון פרינצליכען לעהרער משה? דוכט זיך אַלע זעהען אַז „ניט"! אין אַ צייט ווען די גאַנצע וועלט איז איינגעוויקעלט אין קאַל־טען אויסגע'חשבונ'טען האַס צו אידען. אין אַ צייט ווען מיר ווערען דעגראַדירט ווי מענשען און ווי אידען, גיבען זיך אונזערע פיהרער גאַר אָפּ מיט חנ'דעלעך... שפּילען געהיימע דיפּלאָמאַטיע ביי אַ גלעזעל טעה... פערהאַנד־לען וועגען אומלעגאַליטעט אין אונזער ירושת לאַנד... ווייסען דען ניט אונזערע פיהרער אַז מיט קיין פרעה'ס טרינקט מען ניט קיין טעה... אַז מיט קיין סאַדיסטען פיהרט מען ניט קיין פערהאַנדלונגען... עס מאַכט ניט צו די באַטרעפענדע זיינען פרעה'ס אין פולען זין פון וואָרט, נאָר באַלד, אַז זיי זיינען גלייכגילטיג צו אונזערע אינטערעסען... העלפען אונזערע שונאים אין הייליגען לאַנד... זיינען זיי ניט די פערזאָנען פאַר וועלכע מ'זאָל כורעים פאַלען! וועלכע מ'זאָל אָנטרויען דעם אידישען גורל!

ניין, לא זו הדרך!

דענקען טאַקע אויף אַן אמת אונזערע נאַציאָנאַלע פיהרער אַז אין אַ צייט ווען דער הימעל איבער אונזערע גלות קעפּ איז ווי בליי, די ערד אונטער אונזערע גלות פיס ווי גליהענדע קוילען, אין אַ צייט פון נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע וועלען זיי מיט דרייסיג צו אפילו מיט פופציג טויזענד עליה סערטיפיקייטען ראַטעווען דאַס

יודענטהום פון דער וועלט, די געפייניגטע פון דייטש־לאַנד, פוילען, רוסלאַנד, רומעניע א. אז. וו., די רעזולטאַטען פון אַזעלכע טובות ווייסען מיר שוין, פאַר אַ שטיק צייט נאָכדעם ווערען די טויערען פון ארץ ישראל איינפאַך געשלאָסען, אַ קוואָטא אין ארץ ישראל! און פאַר וועמען, פאַר י ש ר א ל ' ן ! קאָמיש, האַ? אָבער נאָך מעהר טראַגיש!

נאָך דער קוואָטא קומען די פּאָגראָמען פון אַראַבישע טעראָריסטען, אַ שלאָם פון דער זייט טויער און אַ שחיטה אויף יענער זייט. די שורות ווערען געשריבען אין דער צוואַנציגסטער וואָך פון די אומרוהען, און עס הערען זיך קלאַנגען און פערהאַנדלונגען וועגען אַ נייעם בית־עולם די חלוצים און פּיאָנערען האָבען שוין אָנגעפילט די אַלטע בתי קברות! וואו נעמט מען דעם מקונן צו קלאָגען אויפ'ן נייעם חורבן? אָט ליגען די לעצטע נאָכריכטען אויף מיין שרייב־טיש: „באָמבע טויטעט אידישע מיידעלע — פאַרוואונדעט 20 אין תל אביב" — „נייע סטראַשונקעס וועגען ארץ ישראל אימיגראַציע" — האַי קאָמישאָנער וועט אָפּשטעלען א"י אימיגראַציע. — פאַרשלאָסען ווערען די „שערי ירושלים" ווען דער חלוץ קרעכצט לבי במזרח ואנכי בסוף מערב!

היינט צו טאָג פעהלט אַ משה, עס פעהלט דער אמת'ער בטחון אין ג־ט, עס פעהלט אונז די גייסטיגע וואפען, אָבער, אַלמעכטיגער, מוז אונז דען אויך פעהלען

זעלבסט רעספעקט? מוז מען פאַרקויפען דעם נאַציאָנאַ־
לען שטאָלץ פון אַ גאַנץ פאָלק פאַר אַ שמייכעל פון אַ
רעגירונג׳ס בעאַמטען?

קלאָהר האָבען אונזערע חכמים פאַרשטאַנען,
„מלך שמחל על כבודו אין כבודו מחול״! די וואָס שטעהען
אין דער שפיצע פון אונזער פאָלק זיינען בבחינת מלכים...
זיי זיינען פאַראַנטוואָרטליך צו זייער פאָלק! זיי טאָהרען
זיך ניט שפּילען מיט די האָפענונגען און כבוד פון עלטסטען
פאָלק אויף דער וועלט! אויב ווידער, זיי טהוען עס יאָ,
מוזען מיר קומען צום שלום אַז אַלס נאַציע האָבען מיר
ניט קיין ווירקליכע פיהרערשאַפט!

ניט איינמאָהל ווערען די אָנגעוויזענע אַרגומענטען
איבערגע׳חזר׳ט פון היציגע און היסטערישע פאַרשוינען.
אָבער ניט אין דעם פאַל. עס קומט אויסשליסליך פון אַ
גלות טראַגעדיע... אויפ׳ן אַלטען „בית עולם״ אין
זוועהיל ליגט דער שליסעל צו מיינע פאַרצווייפעלטע
טענות... די גלות הענט האָבען דערשאָסען מיין מוטער,
געפייניגט מיין פאָטער... און געצייכענט מיין לייב מיט׳ן
אייביגען אַנטיסעמיטישען גלות שפיז... מיין פעדער
איז ניט געענויגט צו קריטיק... ניין, לא אדני איש קשה
רוח אנכי, ויין ושכר לא שתיתי... ואשפך את נפשי
לפני ה׳...

